GERECHTIGKEIT (Justice)

# גערעכטיגקייט

Vol. XVIII. No. 6. Jersey City, N. J., June, 1936 Price 10 Cents

## פרעז. דובינסקי'ס באריכט פאר דער גענ. עקזעקוטיווע

פרעזידענט דובינסקי'ס באריכט אויף דעם מיטינג פון דער גענעראל עקזעקוטיווע אין לאס אנדזשעלעס, וואס האט געגעבען אזא איינדרוקספולען בילד פון דער גרויס און שטארקייט פון דער אינטערנעשאנעל, האט אונז דערמאנט דעם מיטינג פון דערזועלביגער גענעראל עקזעקוטיווע מיט א יאר צוריק אין דערזעלביגער צייט, אין פילאדעלפיע.

די זיצונג פון דער גענעראל עקזעקוטיווע האט זיך דעמאלט אנגעפאנגען אין א גאנץ געהויבענער שטימונג. מען האט זיך נאך געפילט אונטער דעם איינדרוק פון די האניג חדשים פון דער נ.ר.א., ווען די אינטערנעשאנעל איז אזוי גרויס אויסגעוואקסען און געווארען אזוי שטארק און איינפלוסרייך. און דער באריכט פון פרעזידענט דובינסקי וועגען דער מיטגלידערצאל פון דער יוניאן, וועגען אירע פינאנסען, איר פיל פארצווייגטער טעטיגקייט און אירע פלענער פאר ווייטערדיגער אויסשפרייטונג און ארגאניזאציע, האט די שטימונג נאך יום־טובדיגער געמאכט. נאר פלוצים, ווי א דונער פון א קלארען, העלען הימעל, איז אין מיטען דער זיצונג פון דער גענעראל עקזעקוטיווע געקומען די מעלדונג, אז די נ.ר.א. ווערט אפגעשאפט, ווייל דאס העכסטע געריכט האט איר ערקלערט פאר אונקאנסטיטוציאנעל. ווען עס וואלט געווען דערביי א פאטאגראף, וואס זאל ארויסנעמען א בילד פון די מיטגלידער פון דער עקזעקוטיווע אין דעם מאמענט, ווען די טרויעריגע בשורה איז אנגעקומען, וואלט דאס בילד געקענט דינען פאר א ביישפיל פון א גרופען־אויסדרוק פון פארצווייפלונג. עס האט נעמליך עקזיסטירט ביי די מייסטע מיטגלידער פון דער עקזעקוטיווע די איבערצייגונג, אז אהן דער נ.ר.א. וועט די יוניאן ניט קענען אנהאלטען איר פלוצימדיגען גרויסען וואוקס און אירע נייע פאזיציעס, וואס זי האט אין דער קורצער צייט איינגענומען. מען האט זיך געפרובירט מאכען מוט, אבער עס האט ווייניג געהאלפען. די זיצונג פון דער גענעראל עקזעקוטיווע, וואס האט זיך אנגעפאנגען אין אזא שטארק געהויבענער שטימונג, האט זיך געשלאסען אין א גאנץ געדריקטער שטימונג.

פון יענער צייט איז א יאר פאריבער, שוין פון דעם פאקט אליין, וואס די זיצונגען פון דער גענעראל עקזעקוטיווע זיינען אפגעהאלטען געווארען אין לאס אנדזשעלעס און סאן פראנציסקא, איבער דריי טויזענד מייל פון ניו יארק, קען מען פארשטעהן, אז די אינטערנעשאנעל איז ניט אפגעשטעלט געווארען אין איר וואוקס און ניט שוואכער געווארען. מאנכע קענען אפשר טראכטען, אז א רייזע אין קאליפארניע איז גאנץ אנגענעם און די גענעראל עקזעקוטיווע האט זיך געלאזט וואוילגעהן. אבער קאליפארניע איז ניט קיין ניי־אנטדעקטע טעריטאריע אין אמעריקע, און די גענעראל עקזעקוטיווע האט שוין פון לאנג געוואוסט, אז עס זיינען פאראן אזעלכע שטעדט אין אמעריקע ווי לאס אנדזשעלעס און סאן פראנציסקא. די אינטערנעשאנעל האט דארטען קלאוקמאכער לאקאלס שוין פון א לענגערער צייט. עס האט אבער זיך ניט געהאנדעלט וועגען סתם אזוי זיך דורכפארען אין קאליפארניע, נאר וועגען א צוועקמעסיגען און א ניצליכען ארגאניזאציאנס באזוך ביי דעם פאסיפישען ברעג, וואו די אינטערנעשאנעל האט אין די לעצטע פאר יאר געוואונען א גרויסע צאל מיטגלידער און וואו זי האלט אין וואקסען. א פארזאמלונג אין לאס אנזשעלעס — די באקאנטע „אופען שאפ" שטאדט — וואו עס קומען ארום צוויי טויזענד ארגאניזירטע קלאוקמאכער און דרעסמאכער, איז עטוואס אזוינס וואס קען באטראכט ווערען פאר א וויכטיגער פאסירונג. די אינטערנעשאנעל האט נאך קיינמאל אין איר געשיכטע ניט געהאט אזא גרויסע מיטגלידערשאפט אין לאס אנדזשעלעס. און עס איז קיין צווייפעל ניט, אז דער באזוך פון דער גענעראל עקזעקוטיווע וועט האבען א שטארקע ווירקונג אויף דעם ערפאלג פון דעם ארגאניזאציאנס קאמפיין, וואס ווערט דארטען אנגעפירט צו ארגאניזירען די נאך ניט ארגאניזירטע טיילען פון דער דרעס אינדוסטריע. און עס איז אויך אויסגעוואקסען די אינטערנעשאנעל אין סאן פראנציסקא און אויך דארטען ווערט אנגעפירט אן ארגאניזאציאנס קאמפיין. און אזוי אין א קלענערער מאס אין סיאטעל און אין פארטלאנד.

נאר עס זיינען ניט נויטיג צו זוכען קיין באווייזען פון איין שטאדט אדער פון דער צווייטער וועגען דעם וואוקס פון דער אינטערנעשאנעל. מען האט עס בעסער ווי אלץ געזעהן פון פרעזידענט דובינסקי'ס באריכט. די ציפערען פון באריכט ווייזען, אז די אינטערנעשאנעל איז גאנץ באדייטענד געוואקסען אין מיטגלידערשאפט פאר די לעצטע צוועלף חדשים און איז אויך געווארען פיל שטארקער פינאנציעל.

עס הייסט, אז ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס די נ.ר.א. איז אפגעשאפט געווארען און וואס דאס איז געווען אזא גרויסער פארלוסט פאר דער יוניאן, איז דאך די יוניאן געוואקסען און שטארקער געווארען.

עס וואלט געווים געווען פאר דער יוניאן לייכטער אנצופירען איר קאמף, ווען די נ.ר.א. וואלט ניט אפגעשאפט געווארען; זי וואלט אפשר אין מאנכע ערטער ניט געדארפט מאכען אזעלכע שווערע אנשטרענגונגען איינצונעמען די פאזיציעס, וואס זי זוכט צו געווינען, אבער ניט קוקענדיג אויף אלע שוועריגקייטען, וואס די אינטערנעשאנעל געפינט אויף איר וועג און ווי גרויס עס זאלען ניט זיין די אנשטרענגונגען וואס פאדערען זיך אנצופירען דעם קאמף, געהט דאך די אינטערנעשאנעל שטענדיג פארווערטס און געווינט אלץ מער איינפלוס. אין די אכט שטונדען צייט, וואס פרעזידענט דובינסקי האט פארנומען מיט זיין באריכט, האט ער בלויז געקענט געבען אן איבערבליק אין אלגעמיינע שטריכען וועגען דעם צושטאנד און דער טעטיגקייט פון דער אינטערנעשאנעל איבער'ן לאנד. אזוי גרויס איז זי אויסגעוואקסען און אזוי פארצווייגט און פילפאכיג איז איר טעטיגקייט.

אבער דער באריכט האט אויך דערצעהלט. אז עס זיינען נאך ווייט ניט אויסגעשעפט געווארען די קוועלען פון דעם וואוקס פון דער אינטערנעשאנעל. עס זיינען נאך פאראן א סך צענדליגער טויזענדער ארבייטער וואס דארפען ארגאניזירט ווערען. באזונדערס גרויס איז די צאל־

# אויף צום ערשטען מאַי אין די פּאָלאָ גראָונדס!

(שלוס פון דער ערשטער זייט)

זיינען געטראָטען געוואָרען מיט די פיס; נאַציאָנאַלע, רעליגיעזע און ראַסען שנאות זיינען ווידער אויפגעלעבט געוואָרען, יעדע אָפּאָזיציע איז אומ'ברחמנות'דיג דערשטיקט געוואָרען.

צו די פון אונזערע פיהרער אין קאַמף פאַר מענשליכע פרייהייטען וואָס זיינען געבליבען לעבען און זיינען איינגעשפּאַרט אין קאָנצענטראַציע לאַגערען, אָדער זיינען פאַרטריבען אין גלות אין פרעמדע לענדער, שיקען מיר אונזער ברודער גרוס און די פאַרזיכערונג, אַז מיר וועלען ניט רוהען ביז זייערע אונטערדריקער וועלען ניט פאַרטריבען ווערען פון זייער מאַכט און די ארבייטער וועלען צוריק קריגען זייערע רעכטען פון וועלכע זיי זיינען בארויבט געוואָרען מיט אַזאַ אכזריות און ברוטאַליטעט.

מיר פיהלען זיך גליקליך, וויסענדיג, אַז אין דער אַנשטרענגונג אונזערער האָבען מיר די פולהאַרציגע שטיצע פון דער אַמעריקאַן פעדעריישאָן אָוו לייבאָר, וועלכע פיהרט אָן דעם אַנטשלאָסענעם קאַמפּיין צו מאָבּיליזירען די ארבייטער פון אַמעריקע צום קאַמף פאַר באַפרייאונג פון פאַשיסטישען טעראָר און אין שאַפען שטיצע פאַר די קרבנות אין די אונטערדריקטע לענדער אין איראָפּע.

## די טראַגעדיע פון ארבייטסלאָזיגקייט און „רעליף"

דער עקאָנאָמישער צוזאַמענבּרוך האָט געטראָפען אונזערע ארבייטער מיט זיין גאַנצער גרויזאַמקייט. אין דער צייט וואָס די פּראָפיטען און דיווידענדען פון די אייגענטימער פון די נאַציאָנאַלע רייכטימער זיינען צוריקגעשטעלט געוואָרען, געפינען זיך נאָך אַלץ ביי אונז אין אַמעריקע איבער צוועלף מיליאָן ארבייטער אין אַ צושטאַנד פון שטענדיגער ארבייטסלאָזיגקייט און מיליאָנען אַנדערע, וואָס ארבייטען טיילווייז אָדער זיינען פול באַשעפטיגט פאַר קלענגליך־נידעריגע שכירות, טיילען זייערע ליידען וועלכע זיינען געוואָרען דער גורל פון אַ באַדייטענדען טייל פון אַמעריקאַנער פאָלק.

אין אַ לאַנד וואָס רייכער ווי וועלכע עס איז אַנדער לאַנד אין נאַטירליכע אוצרות; מיט מיטלען צו פּראָדוצירען רייכטימער גרעסערע ווי וועלכע עס איז אַנדער אינדוסטריעלער פאָלק פאַרמאָגט; מיט דער גרינגער מעגליכקייט צו שאַפען אַ מעהר מענשליכען לעבען פאַר אַלעמען אונטער אַ געהעריגער סיסטעם פון פּראָדוקציע און פאַנאַנדערטיילונג, זיינען מעהר ווי צוואַנציג מיליאָן נפשות אָנגעוויזען אויף רעגירונגס שטיצע און זיינען געצוואונגען אויפצוהאַלטען זייערע נשמות מיט די קלענגליכע פאַר גראָשען וואָס ווערט זיי צוגעטיילט.

אַנשטאָט צו זיין אָפּהענגיג אָן די ברעקלאַך צדקה וואָס ווערט זיי צוגעוואָרפען, זיינען די ארבייטער אַנטשלאָסען איבערצואַנדערשען די עקאָנאָמישע סיסטעם אויף אַן אופן, וואָס זאָל זיי געבען די מעגליכקייט צו געפינען דאָס גליק און די באַקוועמליכקייט וועלכע פּראָגרעס און ציוויליזאַציע האָט געשאַפען פאַר אַלעמען.

ניט צופרידען מיט דער מאַכט און רייכטום וואָס זיי באַזיצען שוין, נעמען זיך די מאַגנאַטען פון אינדוסטריע און פינאַנץ אין אַמעריקע, צו אומגעזעצליכע מיטלען, כדי באַרויבען די ארבייטער פון זייער רעכט צו אָרגאַניזירען זיך און באַשיצען זיך פון ווייטערע עקספּלואַטאַציע. דאָרט וואו זיי זיינען ניט געווען בכח צו באַזיגען די ארבייטער אין דעם טעגליכען קאַמף אויפ'ן אינדוסטריעלען געביט, האָבען זיי זיך געווענדעט און געסראָגען הילף פון די געריכטען און אַנדערע רעגירונגס אינסטיטוציעס אויף צונישט מאַכען אַזוינע געזעצען, וועלכע קענען זיין נוצליך פאַר די ארבייטער.

די „אַמעריקאַן ליבערטי ליג", די מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאיישאַנס און די טשעמבערס אָוו קאָמערס זיינען די פּלוטאָקראַטישע אַגענטורען, דורך וועלכע פאַשיסטישע טענדענצען שפּרייצען אויף ביי אונז אין לאַנד.

דער ארבייטער, וועלכער האָט באַזיגט די כוחות פון דער נאַטור און האָט זיי איינגעשפּאַנט אין דינסט פון דער מענשהייט, קען און וועט באַזיגען די כוחות פון רעאַקציע און גוואַלט, דורך וועלכע די הערשער זוכען זיך צו ראַטעווען אין דער איצטיגער פּעריאָדע פון קריזיס. איצט ווי אַלע מאָל ווערט דער אַוואַנגאַרד פון דעם מעכטיגען קאַמף, פון וועלכען עס הענגט אָפּ דער שיקזאַל פון דער מענשהייט, געשטיצט פון די אָרגאַניזירטע ארבייטער, מעהר אַנטשלאָסען, מעהר באַוואוסטזיניג ווי ווען עס איז איבער איהר אויפגאַבע און איהר פאַראַנטוואָרטליכקייט.

## מיר פאָדערען!

אויפ'ן נאַציאָנאַלען געביט פאָדערען מיר די 30־שטונדיגע ארבייטס־וואָך; דאָס אָפּשאַפען פון קינדער־ארבייט; כסדר'דיגע און גענינגענדע שטיצע פאַר די קרבנות פון קאַפּיטאַליזם, וועלכע זיינען ארבייטסלאָז ניט דורך זייער שולד; זיכערהייט פאַר די עלטערע; דאָס אָפּשאַפען פון די שענדליכע קאָמפּאַני יוניאָנס; דאָס רעכט פאַר די ארבייטער צו אָרגאַניזירען זיך און קעמפען פאַר זייערע רעכטען אָהן דער אריינמישונג פון קאָורטס, און ניט ווערען אונטערדריקט; דאָס פאַרקלענערען פון באַוואָפנונג און אַקטיווע שריט צו פאַרבעסערען די גוטנזייטיגע פאַרשטענדיגונג צווישען פעלקער. אויפ'ן אינטערנאַציאָנאַלען געביט פאַרזיכערען מיר אונזערע ברידער און שוועסטער אין די אַנדערע לענדער אונזער פולע שטיצע אין זייער קאַמף פאַר דעמאָקראַטיע; פאַר אַלוועלטליכען פרידען; פאַר דער דערגייכונג פון דעמאָקראַטישען סאָציאַליזם אונטער וועלכען די אונטערדריקטע מאַסען זאָלען ווערען די הערשער איבער זייער אייגענעם שיקזאַל.

מיר פאָדערען אויף די אָרגאַניזירטע ארבייטער פון ניו יאָרק צו שליסען די רייהען און פאַראייניגען זיך מיט אונז אין דער דעמאָנסטראַציע פאַר ארבייטער אייניגקייט, וואָס מיר וועלען דורכפירען אין די פּאָלאָ גראָונדס פרייטאָג, דעם ערשטען מאַי. צוזאַמען מיט די ארבייטער איבער דער גאַנצער וועלט וועלען מיר ווידער פּראָקלאַמירען אונזער אַנטשלאָסענהייט צו פאַרזיכערען פרידען און גליק פאַר דער גאַנצער מענשהייט. מיר מוזען פאַראייניגען דעמאָקראַטיע מיט אינטערנאַציאָנאַלער ארבייטער אייניגקייט. דאָס איז די איינציגע גאַראַנטיע פאַר פרייהייט און פרידען.

לאַנג לעבן זאָל די אייניגקייט פון די ארבייטער איבער דער גאַנצער וועלט!

לאַנג לעבען זאָל דער ערשטער מאַי!

אויף צו די פּאָלאָ גראָונדס צו דער מאַי פייערונג!

**די טרייד יוניאָן מאַי קאָנפערענץ פון ניו יאָרק**

לואידזשי אַנטאָניני, טשערמאַן; אברהם מילער (אַמאַלגאַמייטעד), נאַטאַניעל ספּעקטאָר (מילינערי יוניאָן) — וויס־טשערמען; מאָריס פיינסטאָון (פאַראייניגטע אידישע געווערקשאַפטען) — סעקרעטאַר.

ווי צו קומען צו די פּאָלאָ גראָונדס: 8טע עוועניו סאָבוועי — 155טע סטריט סטיישאָן; 6טע און 9טע עוועניו „על" — 155טע סטריט סטיישאָן; 7טע עוועניו, בראָדוועי סאָבוועי — 157טע סטריט סטיישאָן.

דאלער, וואס מען האט אים איינגעטילט, איז געווארען צו קליין פאר אים, ניט קוקענדיג ווי עקאנאמיש ער האט זיך ניט געפירט. די בילדונגס טעטיגקייט פון דער אינטערנעשאנעל האט געפונען דעם ווארימסטען אפקלאנג אין אלע אירע לאקאלס. דאס איז זייער א דערפרעהענדער פאקט, אבער די אויסברייטונג פון דעם בילדונגס טעטיגקייט איז פארבונדען מיט גרעסערע קאסטען.

די פראגע וועגען דער בילדונגסטעטיגקייט פון דער אינטערנעשאנעל האט פארנומען א באדייטענדען טייל פון דער צייט פון דער גענעראל עקזעקוטיווע'ס מיטינג. עס איז אין פארלויף פון די פארהאנדלונגען אויסגעדריקט געווארען דער וואונש, אז די וואס ווילען ווערען בעאמטע אין דער יוניאן זאלען זיין פארפליכטעט דורכצומאכען א געוויסען בילדונגס קורס, וואס עס ווערט געגעבען פון דעם בילדונגס דעפארטמענט, כדי זיי זאלען זיין בעסער צוגעגרייט פאר דער ארבייט, וואס זיי דארפען טאן.

דער בילדונגס דעפארטמענט האט לעצטענס צוגעקראגען א נייע אינסטיטוציע — דאס ארבייטער טעאטער. פון אנפאנג האט מען גערעכענט, אז דאס טעאטער וועט ניט זיין קיין אויסשליסליכע אינסטיטוציע פון דער אינטערנעשאנעל, נאר וועט אויסגעהאלטען ווערען בשותפות מיט אנדערע יוניאנס. די גענעראל עקזעקוטיווע האט אבער באשלאסען, אז עס זאל זיין אן אינסטיטוציע פון דער אינטערנעשאנעל און פון איר אויסגעהאלטען ווערען. און עס איז דערביי באזונדערס צו באגריסען דעם באשלוס צו געבען א פרייז פון 2 טויזענד און פון טויזענד דאלער פאר די צוויי בעסטע ארבייטער פיעסען, וואס עס וועלען אנגעשריבען ווערען פאר'ן טעאטער.

דער בילדונגס דעפארטמענט פון דער אינטערנעשאנעל און זיין ברייטע, פילפאכיגע און פיל-פארצווייגטע טעטיגקייט קען דינען אלס א מוסטער פאר די אנדערע יוניאנס אין אמעריקע.

⁂

## דער פארבאט געגען אווערטאים

דער באשלוס פון דער גענעראל עקזעקוטיווע, אז אווערטאים זאל זיין פארבאטען און אז אין דרינגענדע פאלען זאל פון די לאקאלע ארגאניזאציעס קענען ערלויבט ווערען בלויז מיט דער צושטימונג פון פרעזידענט, וועט זיכער שטארק באגריסט ווערען פון די מיטגלידער פון דער יוניאן.

עס איז איינע פון די שווערסטע פראבלעמען אין דער קלאוקמאכער יוניאן ווי אויך אין דער דרעסמאכער יוניאן, ווי צו פארלענגערען די ארבייטער סעזאנען און אז די ארבייטער פון די ביידע טרעידס זאלען ניט דארפען ארומגעהן אזוי פיל וואכען אין יאר ליידיג. אין דער קלאוקמאכער יוניאן איז דאס א פראבלעם כמעט פאר דער גאנצער צייט וואס זי עקזיסטירט. עס איז אן אלטע פראגע וואס בלייבט שטענדיג ניי. ווי עס ענדיגט זיך נאר דער ארבייטס סעזאן, פאנגט זיך אן ביי די קלאוקמאכער א דיסקוסיע ווי אזוי מען זאל קענען די ארבייטס סעזאנען אביסעל אויסציהען און זיי מאכען לענגער. בפרט, ווען עס טרעפט זיך נאך, אז אן ארבייטס סעזאן פארענדיגט זיך נאך פריהער ווי געוועהנליך.

א סך פון די קלאוקמאכער גלויבען, אז אין דעם זיינען שולדיג די „אוט-אור-טאון“ שעפער. אבער עס איז אויף דעם פלאץ שוין ביי אנדערע געלעגענהייטען אנגעוויזען געווארען, אז ניט קוקענדיג אויף דעם וואס די „אוט-אור-טאון“ שעפער זיינען א גאנץ ערנסטע פראבלעם פאר דער יוניאן, אבער דאך איז זייער צאל ניט אזא גרויסע, אז מען זאל זיי קענען מאכען שולדיג אין אלע צרות פון די קלאוקמאכער. עס איז געווים אן אומגליקליכער צושטאנד, וואס די קלאוק אינדוסטריע, און אזוי אויך די דרעס אינדוסטריע, איז פון דעם מין, וואס מען קען לייכט אריבערפירען פון איין פלאץ אויף א צווייטען. מען קען, למשל, ניט אריבערטראגען די פלאמבינג פון די הייזער פון ניו יארק „אוט אוו טאון“, אז די ניו יארקער פלאמבערס זאלען בלייבען אהן ארבייט. מען קען אבער אריבערטראגען א ניו יארקער קלאוק שאפ אדער א דרעס שאפ „אוט אוו טאון“. עס דארף אבער דאך דערביי געזאגט ווערען, אז קיינמאל האט די יוניאן נאך אזוי ענערגיש און ווירקזאם באקעמפט די „אוט אוו טאון“ קאנקורענץ ווי איצט.

מיר גלויבען אבער, אז דער פארבאט פון אווערטאים וועט א סך ביישטראגען צו דעם קאמף צו פארלענגערען די ארבייטס סעזאנען. און ווען די ארבייטער אין די שעפער וועלען מיטהעלפען דער יוניאן דורכפירען דעם פארבאט וועט זיין ווירקונג זיך לאזען שטארק פילען.

⁂

## די האיטסטאון קאלאניע

עס פרעהט אונז וואס עס האט זיך ענדליך איינגעגעבען צו פארווירקליכען דעם האיטסטאון פראיעקט אויף אזא אופן, וואס איז צופרידענשטעלענד פאר אלעמען.

עס איז געוועזן פיינליך פאר דער אינטערנעשאנעל און פאר דער ניו יארקער קלאוקמאכער יוניאן ארויסצוטרעטען געגען דעם האיטסטאון פראיעקט, ווי ער איז פריהער אויסגעארבייט געווארען און צו שטערען זיין פארווירקליכונג. אבער די אינטערנעשאנעל און די קלאוקמאכער יוניאן האבען געמוזט האבען אין זינען די אינטערעסען פון די טויזענדער קלאוקמאכער און האבען ניט געקענט ערלויבען אז א דזשאבער זאל עפענען א קאנטראקטאר קלאוק שאפ אין האיטסטאון און אים באנוצען פאר א הינטער טיר ווי אזוי צו באשווינדלען די סיסטעם פון באגרענצונג פון קאנטראקטארס פאר וואס די יוניאן האט אנגעפירט אזא שווערען קאמף. פרעזידענט דובינסקי האט אין יענער צייט וועגען דעם געמאכט אן אויספירליכע ערקלערונג אין די אידישע צייטונגען און ער האט דערביי פארשפראכען, אז ווען עס וועט נאר געפונען ווערען אן אנדער וועג ווי צו פארווירקליכען דעם האיטסטאון פראיעקט, אז די קלאוקמאכער יוניאן זאלען דערפון ניט ליידען, וועט ער אים העלפען מיט אלץ וואס ער וועט קענען. דער וועג איז ענדליך געפונען געווארען. דער קלאוק שאפ אין האיטסטאון וועט ניט באלאנגען צו קיין דזשאבער, נאר וועט ארבייטען דירעקט פאר די סטארס וואס וועלען זיין זיינע קונדען. אין דעם האט אויסגעהאלפען די רעגירונג. דער שאפ וועט שטעהן אונטער שטרענגער יוניאן קאנטראל און וועט ניט קענען אויסגענוצט ווערען פאר קאנקורענץ.

עס קענען זיין מיינונגס-פארשידענהייטען וועגען דעם ערפאלג פון דער אונטערנעמונג און ווי זי וועט ארבייטען, אבער מיר זיינען העכסט צופרידען, וואס עס האט זיך אזוי אויסגעלאזען, אז די יוניאן זאל ניט דארפען זיין געגען דעם פראיעקט, נאר גיכער אים העלפען פארווירקליכען.


GERECHTIGKEIT
A LABOR JOURNAL
Published every month by the
International Ladies' Garment Workers' Union

Office of Publication:
76 Montgomery St., Jersey City, N. J.
General Office:
3 West 16th St., N. Y. C. Tel. CHelsea 3-2148

DAVID DUBINSKY, President
and General Secretary-Treasurer
DR. B. HOFFMAN, Editor

Subscription price, paid in advance, $1.00 per year.

Vol. XVIII. No. 6 200 June, 1936

Entered as Second Class matter, August 7, 1928 at Post Office at Jersey City, N. J., under the Act of August 4, 1912. Accepted for mailing at special rate of postage, provided for in Section 1103, Act of Oct. 3, 1917, authorized on Jan. 25, 1919.

פון די ניט־אָרגאַניזירטע אין דער קאַמפּען־דרעס אינדוסטריע און אַנדערוועיר. עס זיינען נאָך פאַראַן גרויסע קוואַלען פון וואַנען די אינטערנעשאַנעל קען שעפּן איר וויטערדיגען וואוקס, עס זיינען נאָך דאָ אַ סך ערטער וואו צו אָרגאַניזירען און צו קעמפען. ניטאָ קיין אָפּשטעל, עס איז אַ וועג, וואס פירט אַלץ פאָרווערטס און פאָרווערטס.

⁂

## די קאָמיטע פאַר אינדוסטריעלער אָרגאַניזאַציע און די אינטערנעשאַנעל

דער העפליכער ענטפער פון דער גענעראל עקזעקוטיווע צו דעם שטרענגען בריף פון דער ספּעציעלער דרייער קאָמיטע פון דער עקזעקוטיווע פון דער אמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר וועגען אויפלעזען די קאָמיטע פאַר אינדוסטריעלער אָרגאַניזאַציע („ס. אי. אָ.") קען אין קורצע, ווענינער העפליכע ווערטער אויסגעדריקט ווערען אַזוי: ערשטענס, ווען מען פאָדערט פון איינעם, אַז ער זאָל היטען דאָס געזעץ, דאַרף מען אַליין האַנדלען געזעצליך. צווייטענס, וואַרפט די אינטערנעשאַנעל צוריק יעדע באַשולדיגונג אין אונטריי־הייט צו דער אמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר און אין דועל יוניאָניזם. און די אולטימאַטום שרייבער ווערען דערביי דערמאָנט, אַז די גאַנצע געשיכטע און די טראַדיציע פון דער אינטערנעשאַנעל ווייזען, אַז זי איז שטענדיג געווען טריי צו דער אמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר און אַז זי האָט שטענדיג באַקעמפט יעדע פאָרמע פון דועל יוניאָניזם אין דער אמעריקאַנער אַרבייטער באַוועגונג און ווען אין דער טעטיגקייט פון דער קאָמיטע פאַר אינדוסטריעלער אָרגאַניזאַציע וואָלט געווען וועלכע עס איז שפּור פון דועל יוניאָניזם, וואָלט די אינטערנעשאַנאַל זיכער אין איר קיין אָנטייל ניט גענומען.

די דרייער קאָמיטע פון דער עקזעקוטיווע פון דער אמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר האָט אפילו ניט אָפּגעהאַלטען קיין פאַרהער מיט די יוניאָנס, וואָס שטעלען צונויף די „סי. אי. אָ.", האָט מיט זיי זיך ניט דורכגערעדט, נאָר האָט זיי גלייך אַרויסגעשיקט אַ קורץ־טערמיניגען אולטימאַטום, אַז זיי מוזען גלייך אויפלעזען זייער אָרגאַניזאַציע. אַזוינס האָט די דרייער קאָמיטע, לויט דער קאָנסטיטוציע פון דער אמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר, קיין רעכט ניט געהאַט צו טאָן. די דרייער קאָמיטע האָט זיך אויך ניט גענומען די מיה צו באַגרינדען איר באַשולדיגונג און צו ווייזען וואו זי האָט געפונען דועל יוניאָניזם אין דער טעטיגקייט פון דער „סי. אי. אָ.". אין אַן אולטימאַטום, וואָס דראָט ניט אַזאַ שווערער שטראָף, ווי אויסשליסען, דאַרף די באַשולדיגונג זיין זייער גרינדליך און איבערצייגענד באַוויזען.

עס זעהט אויס, אַז די גאַנצע האַנדלונג פון דער עקזעקוטיווע פון דער אמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר איז אַ נערוועזע און דעריבער אַזאַ איבערגעאײלטע און ווענינ איבערגעלייגטע. מען קען דאָך ניט פאַרגעסען, אַז עס האַנדעלט זיך וועגען 9 (איצט שוין 10) גרויסע אינטערנעשאַנעל און נעשאַנעל יוניאָנס, וואָס האָבען צוזאַמען מער ווי אַ דריטעל פון אַלע מיטגלידער פון דער אמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר. צווישען די יוניאָנס וואָס שטעלען צונויף די „סי אי. אָ" געפינען זיך פאַקטיש די גרעסטע און וויכטיגסטע יוניאָנס, וואָס די אמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר פאַרמאָגט. און עס קלינגט איינפאַך לייכטזיניג, ווען מען סטראַשעט זיי מיט אויסשליסען. ווייסען דאָך געוויס די פירער פון דער אמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר, אַז אויסשליסען אינטערנעשאַנעל אָדער נעשאַנעל יוניאָנס איז ווייט ניט אַזאַ לייכטע זאַך לויט דער קאָנסטיטוציע פון דער פעדעריישאָן. האָט שוין האָוואַרד, דער פּרעזידענט פון דער טייפּאָגראַפיקעל יוניאָן, אָנגעוויזען, אַז אום צו באַשטראָפען אַן אינטערנעשאַנעל אָדער נעשאַנעל יוניאָן מוז מען האָבען אַ באַשלוס פון אַ קאָנווענשאָן פון דער פעדעריישאָן וואָס איז אָנגענומען געוואָרען מיט צוויי דריטעל מאַיאָריטעט דורך אַ ראָל קאָל (וואו די שטימען פון די דעלעגאַטען צעהלען זיך לויט דער צאָל מיטגלידער, וואָס זיי פאַרטרעטען). און אויב האָוואַרד ווייס עס, ווייסען עס דאָך זיכער אויך די מיטגלידער פון דער עקזעקוטיווע פון דער פעדעריישאָן. און עס איז ניט נויטיג צו קענען פיל רעכענען כדי צונויפצורעכענען, אַז מען קען אויף אַ קאָנווענשאָן פון דער פעדעריישאָן די נויטיגע צוויי־דריטעל שטימען געגען דער „סי. אי. אָ" ניט קריגען. ווייל די אָנהענגער פון אינדוסטריעלען יוניאָניזם האָבען אויף דער קאָנווענשאָן פון דער פעדעריישאָן אין אַטלאַנטיק סיטי געהאַט מער ווי אַ דריטעל שטימען.

נאָר אפשר נעמט זיך עס טאַקע פון דעם די נערוועזקייט ביי די געגנער פון דער „סי. אי. אָ".

אין אַן אַנדער פּלאַץ פון דעם נומער „גערעכטיגקייט" ווערט איבערגעגעבען דער פולער ענטפער פון דער גענעראַל עקזעקוטיווע צו דעם דערמאָנטען אולטימאַטום פון דער דרייער קאָמיטע פון דער פעדעריישאָן. דער ענטפער איז אַזוי קלאָר און איבערצייגענד, אַז ער נויטיגט זיך ניט אין פּירושים. דאָ ווילען מיר בלויז אָנווייזען, אַז דער קאַמף וועגען דער „סי. אי. אָ" איז, אין דעם איצטיגען מאָמענט פון דער העכסטער פּראַקטישער וויכטיגקייט פאַר די אמעריקאַנער אַרבייטער. פּרעזידענט דובינסקי האָט עס באַזונדערס קלאָר און איבערצייגענד אַרויסגעבראַכט אין זיין רעדע אויף דער מאַסען פאַרזאַמלונג פון דער יוניאָן אין לאָס אַנדזשעלעס. אימיצער קען פרעגען, האָט ער געזאָגט, פאַר וואָס די אינטערנעשאַנעל האָט זיך אַזוי שטאַרק פאַראינטערעסירט אין דעם קאַמף פאַר דעם אינדוסטריעלען יוניאָניזם. האָט דאָך די אינטערנעשאַנעל ניט קיין שום שטערונגען אין איר אָרגאַניזאַציאָנס אַרבייט. און איז עס דאָך ניט אַזאַ פעסטגעשטעלטער פּרינציפּ ווי אַזוי די אַרבייטער מוזען זיין אָרגאַניזירט. זיינען דאָך אויך פאַראַן ניט בלויז גאַנץ ערפאָלגרייכע פאַך יוניאָנס, נאָר אויך גאַנץ פּראָגרעסיווע. דער ענטפער דאַרויף איז, האָט פּרעזידענט דובינסקי באַמערקט, אַז דער קאַמף פאַר אינדוסטריעלען יוניאָניזם האָט טאַקע איצט הויפּטזעכליך אַ פּראַקטישע באַדייטונג, ווייל די גרויסע מאַסע אמעריקאַנער אַרבייטער, וואָס זיינען באַשעפטיגט אין די גרויסע אינדוסטריעס פון מאַסען פּראָדוקציע און וועלכע זיינען ניט אָרגאַניזירט, קענען אַנדערש ניט אָרגאַניזירט ווערען ווי אין אינדוסטריעלע יוניאָנס. און די אינטערנעשאַנעל איז צוליב אירע איינענע אינטערעסען, צוליב איר איינענעם ערפאָלג און פּראָגרעס פאַראינטערעסירט, אַז די גרויסע מאַסען אונאָרגאַניזירטע אמעריקאַנער אַרבייטער זאָלען אָרגאַניזירט ווערען. ערשטענס, וועט די צאָל אַרבייטסלאָזע קלענער ווערען, ווען די צאָל אָרגאַניזירטע אַרבייטער וועט גרעסער ווערען. דאָרטען וואו די אַרבייטער זיינען אָרגאַניזירט, איז דער אַרבייטס־טאָג און די אַרבייטס־וואָך קירצער און מער אַרבייטער קענען דעריבער קריגען באַשעפטיגונג. און ווען עס זיינען פאַראַן מער אַרבייטער וואָס פאַרדינען, זיינען פאַראַן מער קויפער פון די קליידער, וואָס די מיטגלידער פון דער אינטערנעשאַנעל פּראָדוצירען. אָבער דאָס איז נאָך ניט אַלץ. ווען די גרויסע מאַסען פון די אמעריקאַנער אַרבייטער זיינען ניט אָרגאַניזירט און אַרבייטען לאַנגע שטונדען פאַר אַ הונגער־לוין, קען די אינטערנעשאַנעל ניט געהן צו ווייט מיט אירע פאָדערונגען פאַר אירע מיטגלידער. זי קען ניט לויפען צופיל פאַראויס, ווען די אַנדערע זיינען אַזוי פיל הינטערשטעליג. די אינטערנעשאַנעל וועט קענען מיט מער ערפאָלג קעמפען פאַר וויטערדיגע פאַרבעסערונגען פאַר אירע מיטגלידער, ווען די אַנדערע טיילען פון דער אמעריקאַנער אַרבייטערשאַפט וועלען זיין אָרגאַניזירט און וועלען פאַרבעסערען זייער לאַגע. און אָט דעריבער איז די אינטערנעשאַנעל אַזוי פאַראינטערעסירט אין דער „סי. אי. אָ" און אין איר ערפאָלג.

⁂

## מעהר געלד פאַר בילדונגס טעטיגקייט

צווישען די וויכטיגסטע באַשלוסען פון דער גענעראַל עקזעקוטיווע אויף איר לעצטען מיטינג, איז אָהן אַ צווייפעל דער באַשלוס צו פאַרגרעסערען דעם פאָנד פאַר בילדונג און אויפקלערונג פון 60 טויזענד דאָלער אַ יאָר אויף 75 טויזענד.

דער בילדונגס־דעפּאַרטמענט פון דער אינטערנעשאַנעל, וואָס נעמט אויך אַריין ספּאָרט, אונטערהאַלטונג א. אַז. וו., האָט אין דעם לעצטען יאָר גאַנץ באַדייטענד פאַרגרעסערט זיין טעטיגקייט און דער בודזשעט פון 60 טויזענד

סאַנטער מאַטעריאַל פאַר די צייטונגען, אָבער מען מעג שטאַרק צווייפלען, אויב זיי בריינגען נוצען דער אַרבייטער באַוועגונג.

עס האַנדעלט זיך ווענען דער קאָמיטע פון אינדוסטריעלער אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז באַקאַנט אונטער דעם קורצען נאָמען „סי אַי אָ" און פון וועלכער דזשאָן לואיס איז דער פירער.

די עקזעקוטיווע פון דער אַמעריקען פעדערײשאַ אָוו לייבאָר האָט אָנגענומען ניט נאָר אַ געגנערישע, נאָר אויך אַ פיינדליכע שטעלונג צו דער „סי אַי אָ" גלייך ווי זי האָט זיך נאָר אָרגאַניזירט. די גאַנץ גרויסע מערהייט פון די מיטגלידער פון דער עקזעקוטיווע פון דער פעדערײשאָן איז שאַרף געגען דער אינדוסטריעלער פאָרם פון אָרגאַניזאַציע און עס איז דעריבער נאַטירליך, אַז זי זאָל באַטראַכטען די „סי אַי אָ", וואָס איר צוועק איז צו העלפען די אונאָרגאַניזירטע אַרבייטער פון די גרויסע אינדוסטריעס זיך אָרגאַניזירען אין אינדוסטריעלע יוניאָנס, פאַר אַ שעדליכע קערפערשאַפט, וועלכע דאַרף באַקעמפט ווערען. און דער לייכטסטער וועג צו באַקעמפען די „סי אַי אָ" איז צו ערקלערען איר, אַז זי איז ניט טריי צו דער אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר און אַז איר טעטיגקייט דאַרף באַצייכענט ווערען אַלס דואַל יוניאָניזם.

די יוניאָנס, וואָס זיינען אָנגעשלאָסען אָן דער „סי אַי אָ", זיינען פון די גרעסטע און וויכטיגסטע אין דער אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר. די 9 יוניאָנס, וואָס האָבען אָרגאַניזירט די „סי אַי אָ" — איצט שוין 10, ווייל עס איז צו איר צוגעשטאַנען די אַמאַלגאַמיטעד שטאָל אַרבייטער יוניאָן — האָבען מער ווי אַ דריטעל פון די מיטגלידער פון דער אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר, האָבען העפטיג פּראָטעסטירט געגען דער באַשולדיגונג, וואָס עס ווערט געמאַכט געגען זיי פון דער עקזעקוטיווע פון דער פעדערײשאָן. זיי האָבען ערקלערט, אַז די טעטיגקייט פון דער „סי אַי אָ" האַלט זיך שטרענג אין די ראַמען פון דער אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר און אַז איר אויפגאַבע און שטרעבען איז בלויז צו העלפען אָרגאַניזירען אין די גרויסע אינדוסטריעס די אַרבייטער, וואָס זיינען נאָך ביז איצט ניט אָרגאַניזירט געוואָרען, און זיי בריינגען אונטער דער פאָן פון דער אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר. דער ציל פון דער „סי אַי אָ" איז אויף אַזאַ אופן ניט צו ברעכען און צו שפּאַלטען די כחות פון דער אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר, נאָר צו פאַרשטאַרקען אירע כחות און איר גרעסער צו מאַכען.

אָבער די ערקלערונג האָט ניט געקענט צופרידענשטעלען די עקזעקוטיווע פון דער אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר, ווייל די מייסטע פון אירע מיטגלידער זיינען געגען דער „סי אַי אָ" הויפּטזעכליך דערפאַר, וואָס זי וויל שאַפען אינדוסטריעלע יוניאָנס צווישען די ניט־אָרגאַניזירטע אַרבייטער פון די גרויסע אינדוסטריען. ווען עס וואָלט זיך, למשל, געשאַפען פּונקט אַזאַ קאָמיטע וואָס וואָלט זיך געשטעלט די אויפגאַבע צו אָרגאַניזירען די אונאָרגאַניזירטע אַרבייטער אין פאַך־יוניאָנס וואָלטען זיי איר ניט נאָר ניט באַשולדיגט אין דואַל יוניאָניזם, נאָר זיי וואָלטען איר זייער וואַרים באַגריסט. עס וואָלט זיי אפילו ניט איינגעפאַלען דער געדאַנק, אַז די קאָמיטע האָט ניט קיין רעכט זיך צו פאַרנעמען מיט אַזאַ אַרבייט, וואָס באַלאַנגט צו דער עקזעקוטיווע פון דער פעדערײשאָן.

עס איז קלאָר פאַר אַלעמען, אַז דאָ איז ניט קיין פראַגע ווענען אומגעזעצליכער האַנדלונג פון דער „סי אַי אָ", וואָס קען לויט דער קאָנסטיטוציע פון דער אַמעריקען פעדערײשאָן ניט ערלויבט ווערען. די מיטגלידער פון דער „סי אַי אָ" זיינען העכסט פאַראַנטוואָרטליכע, ערפאַרענע און אויספּראָבירטע יוניאָן־פירער, וואָס זיינען ערצויגען געוואָרען אין די יוניאָנס פון דער אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר און זיי ווייסען גאַנץ גוט וואָס עס איז ערלויבט אין די גרענעצען פון דער קאָנסטיטוציע פון דער אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר און וואָס ניט. און עס איז צו זעהן פון דער אויפגערעגטקייט און פון דער שאַרפקייט פון די געגנער פון דער „סי אַי אָ", אַז עס איז דאָ ניט אַזוי די פראַגע ווענען געזעצליכקייט ווי ווענען דער מורא פאַר'ן אינדוסטריעלען יוניאָניזם. ווען עס וואָלט זיך געהאַנדעלט בלויז ווענען געזעצליכקייט וואָלט די ספּעציעלע קאָמיטע פון דריי, וואָס די עקזעקוטיווע פון דער אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר האָט באַשטימט ווענען דער „סי אַי אָ" ניט פאַרגעסען, אַז זי אַליין דאַרף האַנדלען געזעצליך און וואָלט ניט אַרויסגעשיקט צו די אָנגעשלאָסענע יוניאָנס פון דער „סי אַי אָ" קיין אולטימאַטום, אַז זיי וועלען סוספּענדירט ווערען. די דרייער קאָמיטע פון דער עקזעקוטיווע וואָלט זיך פאַרשפּאָרט די אונאַנגענעמליכקייט אויסצוהערען איין לעקציע נאָך דער צווייטער פון די מיטגלידער פון דער „סי אַי אָ", אַז איר אולטימאַטום איז אַרויסגעשיקט געוואָרען אומגעזעצליך און אַז זי האָט געהאַנדעלט ניט אין איינקלאַנג מיט דער קאָנסטיטוציע פון דער אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר.

⁂

נאָר וואָס קומט ווייטער? די פראַגע איז, ווי שוין געזאָגט, ניט ווענען געזעצליכקייט און ניט ווענען קאָנסטיטוציע. און אויב עס איז יאָ, וועט עס בלויז די נעקסטע קאָנווענשאָן פון דער אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר קענען באַשליסען. איצט האַנדעלט עס זיך ווענען אַ גאַנץ קאָנקרעטער פראַגע — אָרגאַניזירען די גרויסע צאָל אונאָרגאַניזירטע אַרבייטער אין דער שטאָל אינדוסטריע.

מען רעכענט, אַז אין דער שטאָל אינדוסטריע געפינען זיך איבער 400 טויזענד אַרבייטער און בלויז אַ קליינע צאָל פון זיי זיינען אָרגאַניזירט אין דער „אַמאַלגאַמיטעד אַסאָסיאיישאָן אָוו אייראָן, סטיל ענד טין וואָירקערס", וואָס באַלאַנגט צו דער אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר. און עס איז גוט באַוואוסט, אַז די אַרבייטער פון דער שטאָל אינדוסטריע קענען אָרגאַניזירט ווערען בלויז אין אַן אינדוסטריעלער יוניאָן, ווי דאָס איז דער פאַל מיט די אַנדערע אינדוסטריעס פון מאַסען פּראָדוקציע. די עקזעקוטיווע פון דער אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר האָט באַשלאָסען אָנצופאַנגען אַן אָרגאַניזאַציאָנס קאַמפּיין צווישען די שטאָל אַרבייטער. עס פעלט איר אָבער צוויי זאַכען — געלד און דער ווילען זיי צו אָרגאַניזירען אינדוסטריעל. די מייסטע יוניאָנס, וואָס באַלאַנגען צו דער אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר, זיינען ניט געוואוינט צו געבען געלד, בפרט נאָך ווען עס האַנדעלט זיך ווענען גרעסערע סומען, אָנצופירען אָרגאַניזאַציאָנס קאַמפּיינס אין אַנדערע אינדוסטריעס. און די יוניאָנס, וואָס זיינען געוואוינט צו געבען געלד אויף אַזעלכע אָרגאַניזאַציאָנס קאַמפּיינס, זיינען גראָד פאַרבונדען מיט דער „סי אַי אָ" און זיי ווייסען, אַז אַן אָרגאַניזאַציאָנס־קאַמפּיין צווישען די שטאָל־אַרבייטער אויף דעם באָדען פון פאַך־יוניאָנס קען זיך ניט קרוינען מיט קיין ערפאָלג. און די איצטיגע עקזעקוטיווע פון דער אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר קען ניט אָנפירען קיין אַנדער אָרגאַניזאַציאָנס קאַמפּיין ווי אויף דעם באָדען פון פאַך יוניאָניזם, ווייל זי וויל ניט אָרגאַניזירען די שטאָל אַרבייטער אין אינדוסטריעלע יונאָנס.

און דאָ קומט אַ צווייטער פּונקט. דזשאָהן לואיס האָט צוליב זיין יוניאָן, די קוילען מאַינערס, אַ גאַנץ באַזונדערס שטאַרקען אינטערעס, אַז די שטאָל אינדוסטריע זאָל אָרגאַניזירט ווערען. עס איז ניט נויטיג צו מאַכען לואיסען פאַר אַן אידעאַליסט, וואָס קעמפט פאַר דעם פּרינציפּ צו אָרגאַניזירען די ניט־אָרגאַניזירטע. מעגליך, אַז ער איז עס, אָבער אין דעם פאַל פון די שטאָל־אַרבייטער איז עס ביי אים אַ פראַגע פון די אינטערעסען פון זיין יוניאָן, ווייל ווי לאַנג די שטאָל אינדוסטריע איז ניט אָרגאַניזירט האָט די קוילען מאַינערס יוניאָן שטענדיג אַ פיינט הינטער איר רוקען, וואָס באַדראָהט איר עקזיסטענץ. די שטאָל מאַגנאַטען האָבען זייערע איינענע קוילען מאַינס און די אַרבייטער פון די מאַינס קענען אָרגאַניזירט ווערען בלויז ווען די גאַנצע שטאָל אינדוסטריע וועט אָרגאַניזירט ווערען. און לואיס איז צופרידען, אַז די אַרבייטער פון די קוילען מאַינס, וואָס באַלאַנגען צו די שטאָל מאַגנאַטען, זאָלען באַלאַנגען צו דער יוניאָן פון דער שטאָל אינדוסטריע, ווען זי וועט אָרגאַניזירט ווערען. דער עיקר ביי אים איז, אַז אין אַלע מאַינס, וואו מען גראָבט קוילען, זאָלען די אַרבייטער זיין אָרגאַניזירט און אַז די קוילען אינדוסטריע זאָל שטעהן אונטער יוניאָן־קאָנטראָל.

# פון צייט צו צייט

## פון צביון

איינגענטליך האט מען איצט געדארפט שרייבען וועגען פאליטיק. די גאנצע לופט איז פול מיט פאליטיק. מען מאכט איצט פאליטיק אויף טיש און אויף בענק. פאליטיק איז איצט מאסען־פראדוקציע. נאר ווען מער שרייבט וועגען פאליטיק דארף מען פראבירען טרעפען, פאראויסזאגען, און דאס איז איצט זעהר ריזיקאליש. גראד האט זיך די פאליטיק שטארק פארפלאנטערט אין די לעצטע טעג. עס איז פלוצים ארויסגעשפרונגען א דריטע באלעבאטישע פארטיי פון א ווינקעל, וואס מען האט נאר ניט דערווארט. קאנגרעסמאן לעמקע, וואס האט די גאנצע צייט וואס ער איז געזעסען אין קאנגרעס פארלאנגט, אז מען זאל דרוקען מער פאפיר־געלד און מאכען אינפלאציע, וואס עס מיינט, אז געלד זאל ביליגער ווערען, האט זיך פלוצים ערקלערט פאר א פרעזידענט־קאנדידאט פון א דריטער פארטיי. און סענאטאר ד. טאונסענד, וואס וויל, אז יעדער וואס ווערט אלט 60 יאר זאל קריגען 200 דאלער א חדש פענסיע, האט ערקלערט, אז ער איז גרייט צו שטיצען לעמקען מיט זיין פארטיי און רעוו. דזשעראלד סמיט, א יואי לאנג יורש, וואס וויל, אז יעדער סבצן אין אמעריקע זאל קריגען א פארמעגען פון 5 טויזענד דאלער און א געזיכערטען פארדינסט פון 25 הונדערט דאלער א יאר, איז אויך גרייט צו שטיצען לעמקען. און דער גלח קאגלין, וואס ווייס אליין ניט וואס ער וויל, איז אויך פאר לעמקען און זיין פארטיי. און אלע צוזאמען ווערט שטארק אנציהענד פאר די מענשען, וואס האבען גאר נישט. זעהט נאר אליין, ווען א מענש וועט קריגען פינף טויזענד דאלער ער זאל זיך קענען איינשאפען אן אייגענע היים, אדער עס אוועקלייגען אין באנק; וועט קריגען א געזיכערטען פארדינסט פון ווענינגסטענס 50 דאלער א וואך; יועט קריגען 60 דאלער א וואך פענסיע ווען ער וועט אלט ווערען 60 יאר, דארף ער עפעס נאך? מילא שפעטער, ווען ער וועט זיך צוגעוואוינען, וועט ער זיכער דארפען האבען נאך, אבער פארלויפיג איז עס דאכט זיך גאנץ פיין.

נאר ווען מען טראכט אביסעל מער געפינט מען אויך א חסרון. לעמקע וויל אינפלאציע, עס הייסט ביליגע דאלארס, ממילא קענען רעווערענד סמיטה'ס 25 הונדערט דאלאר א יאר און טאונסענד'ס 200 דאלאר א מאנאט ניט פיל ווערט זיין. איך גערענק, אז אין דער צייט פון אינפלאציע אין דייטשלאנד, האט מען פאר א מיליאן מארק אפילו קיין קריגעל ביר ניט געקענט קויפען. האב איך דעריבער באשלאסען, אז איך וועל ווארטען אביסעל ביז די פאליטיק וועט ווערען אביסעל קלערער, ניט אזוי פארפלאנטערט און עס וועט ניט זיין אזוי ריזיקאליש צו טרעפען.

נאר איין זאך וויל איך פראבירען טרעפען שוין איצט, אז דער נעקסטער פרעזידענט פון אמעריקע וועט ניט הייסען לעמקע.

⁂

די ניו יארקער „סאן" האט זיך גענומען אונטערזוכען און אויסרעכענען וויפיל ארבייטסלאזע עס געפינען זיך אין אמעריקע און זי האט באקומען א גאנץ אפטימיסטישען רעזולטאט. לויט דער „סאן" זיינען איצט פאראן ניט מעהר ווי 3 מיליאן, העכסטענס דריי און א האלב מיליאן ארבייטסלאזע. דאס איז מיט גוטע 8 מיליאן ווייניגער ווי די אמעריקען פעדערישאן אוו לייבאר רעכענט. די ציפער פון דער אמעריקען פעדערישן אוו לייבאר איז העכער פון 11 און א האלב מיליאן.

בין איך דא ניט אויסען נאכצופארשען ווי אזוי די „סאן" האט געקראגען אזא קליינע צאהל ארבייטסלאזע, ווייל איך גלויב, אז אויף די ציפער, וואס די אמעריקען פעדערישאן אוו לייבאר גיט אן, קען מען זיך בעסער פארלאזען, ווייל זיי זיינען באגרינדעט אויף דער סטאטיסטיק פון דער רעגירונג און די רעגירונג איז זיכער ניט פאראינטערעסירט אנצוגעבען די צאהל פון די ארבייטסלאזע גרעסער ווי זי איז אין דער ווירקליכקייט. אין בעגענטייל, זי איז מעהר פאראינטערעסירט, אז די צאהל זאל זיין קלענער, ווייל דאס וואלט זיין דער בעסטער באווייז, אז די באהויפטונג פון דער איצטיגער אדמיניסטראציע, אז איר האט זיך איינגעגעבען צו ברעכען דעם קריזיס איז א ריכטיגע.

נאר אויב די „סאן" גלויבט, אז אירע ציפער וועגען דער צאל פון די ארבייטסלאזע זיינען ריכטיגע, איז עס שווער צו פארשטעהן פארוואס זי פירט אן אזא פארביסענעם קאמף געגען דער איצטיגער אדמיניסטראציע. אויב עס איז אמת, אז די צאל פון ארבייטסלאזע איז איצט בלויז ארום דריי מיליאן, דאן האט די איצטיגע אדמיניסטראציע פארדינט אלע לויב־ווערטער. זי האט פון הוווער'ס אדמיניסטראציע איבערגענומען דאס לאנד מיט איבער 13 מיליאן ארבייטסלאזע און האט די צאל אין עטוואס מעהר ווי אין דריי יאר צייט ארונטערגעדריקט ביז צו דריי מיליאן! עס הייסט, אז זי האט גענומען א לאנד, וואס האט זיך געפונען אין מיטען פון א העכסט שארפען קריזיס און האט עס געבראכט צוריק צו א נארמאלען צושטאנד. ווייל דריי מיליאן ארבייטסלאזע אין אזא גרויסען אינדוסטריעלען לאנד, ווי אמעריקע, קען באטראכט ווערען פאר נארמאל. עס ווערט גערעכענט, אז אפילו אין דעם בעסטען פראספעריטי יאר זיינען געווען ארום צוויי מילאן ארבייטסלאזע.

נו, עס איז זיכער, אז די „סאן" איז מיט איהרע ציפער ניט אויסען צו לויבען די איצטיגע אדמיניסטראצע. זי איז אויסען עפעס אנדערש: זי וויל, אז דער קאנגרעס זאל אויפהערען באוויליגען געלד פאר די ארבייטסלאזע. עס איז דאך קלאר, אז אויב עס זיינען ניטא קיין ארבייטסלאזע דארף מען דאך פאר זיי קיין געלד ניט געבען.

⁂

אין דער ווירקליכקייט ווייס מען ניט די גענויע צאל פון ארבייטסלאזע אין אמעריקע. מיט א פאר חדשים צוריק האבען אנדערע געשאצט די צאל פון ארבייטסלאזע ווייט איבער צוועלף מיליאן. דאס קען אפשר באטראכט ווערען פאר איבערטריבען, אבער די „סאן" באטראכט אויך עלף און א האלב מיליאן פאר איבערטריבען. דאס בעסטע וואלט דעריבער געווען, אז די רעגירונג זאל דורכפירען א צעהלונג פון די ארבייטסלאזע איבער'ן לאנד. דאס וועט דער רעגירונג אייגענטליך אויך גארנישט קאסטען. זי האט אויף אירע ליסטען גענוג מענשען, וואס קענען דורכפירען די ארבייט אויפ'ן בעסטען אופן און זי וועט זיך נאך פארשפארען די זארג וואס פאר אן ארבייט זי זאל פאר זיי אויסטראכטען, כדי זיי זאלע קענען קריגען געצאהלט פון די דאבליו פי איי פאנדען.

און מען מעג דאך אויסזאגען, אז ניט אלע טיילען פון די עפענטלאכע ארבייטען ציכענען זיך אויס מיט זייער ניצליכקייט. עס זיינען פאראן אזעלכע ארבייטען, וואס די דאבליו פי איי ווייס ניט וואס צו טאן מיט זיי, ווען זיי ווערען פארטיג. דאס איז צום גרויסען טייל דער פאל מיט די ארבייטען, וואס ווערען געגעבען צו די אזוי גערופענע ווייס־קאלנערדיגע ארבייטסלאזע. עס וואלט דעריבער געווען בעסער און נוצליכער, ווען מען וואלט א טייל פון דער גרויסער ארמעע פון די ווייס־קאלנערדיגע ארבייטסלאזע באנוצט דורכצופירען די פאלקס־צעהלונג און מען וואלט ניט געדארפט פרובירען טרעפען און טאפען אין דער פינסטער, ווען עס קומט צו דער פראגע וויפיל ארבייטסלאזע עס זיינען פאראן אין אמעריקע און אין וועלכע אינדוסטריען זייער צאהל איז די גרעסטע אדער די קלענסטע.

⁂

די „שלום לאהובי" בריוולעך צווישען וויליאם גרין, דער פרעזידענט פון דער אמעריקען פעדערישאן אוו לירבאר און דזשאהן לואיס, פרעזידענט פון דער פאראייניגטער קוילען־ארבייטער יוניאן, מעגען זיין גאנץ אינטערע־

# בלויז א בליק איבער אמעריקע

פון ש. יאנאווסקי

1

די מעהרסטע מענשען, וועמען מיר איז אויסגעקומען צו באגעגענען אין די פארשידענע שטעדט אין אמעריקא, וואו איך האב געהאט א געלעגענהייט צו פארבלייבען אדער בלויז איין טאג, אדער א וואך, און אויך איבער א מאנאט, זיינען געווען שטארק נייגעריג צו וויסען, וואס איז מיין איינדרוק פון מיין איצטיגער רייזע: צי האב איך געפונען א גרויסע ענדערונג אין דעם דענקען, פיהלען און לעבענס־סטאנדארד פון די מענשען, וואס איך האב באגעגענט? און אויב יא אן ענדערונג, איז עס צום בעסערען אדער צום ערגערען?

מיין איינדרוק וועגען דער עקאנאמישער לאגע אי־בער׳ן לאנד איז, דאס זי איז איצט א פיל בעסערע ווי איך האב איהר געזעהן בלויז מיט א פאר יאהר צוריק.

לויט די באריכטען, אז די צאהל ארבייטסלאזע האט זיך ניט באדייטענד פארקלענערט, און נאך אפשר פאר־גרעסערט, האט מיין איינדרוק באדארפט זיין א פונקט פארקערטער. דער עלענד און די נויט פון די מענשען האט באדארפט זיין פיל גרעסער, ווי מיט א פאר יאהר צוריק.

אבער דאס איז ניט אזוי. די עקאנאמישע אלגעמיינע לאגע שיינט צו זיין א פיל, פיל בעסערע.

די ערקלערונג פאר דעם איז, ווארשיינליך, די, וואס די ביליאנען, וואס רוזוועלט האט גע׳פועל׳ט ביים קאנגרעס, אום צו מאכען א סוף צו דער דעפרעשאן, זיינען ניט אלע געבליבען קלעפען אויף די פינגער פון זייערע צוטיילער, נאר זיינען אויך טיילוויז אנגעקומען צו א היבשער צאהל פון די ארבייטסלאזע און נויטליידענדע.

עס זיינען דא אויך געוויסע פעלע פון עלענדע און נויט־ליידענדע, פאר וועמען די דעפרעשאן מיט דער הילף פון די רוזוועלט־ביליאנען איז געווארען נאר א ברכה אנשטאט א קללה.

איך האב דא אין זינען די, וועלכע זיינען געווען אפילו פאר דעפרעשאן כראנישע ארבייטסלאזע, און זיי האבען געליטען גרויס נויט, ווייל דאן האט זיך קיינער ניט געקימערט וועגען זיי. אבער מיט דער הילף פון די רוזוועלט־ביליאנען זיינען זיי אזוי ווי אויפגעריכט געווארען.

אזוי האב איך געטראפען אויף מיין רייזע פילע עלטערע מוזיקאנטען, אקטיארען און אקטריסעס, וועלכע האבען שוין יאהרען־לאנג געשפייזט זיך מיט די עראינערונגען פון זייער אמאליגער גרויסקייט, און טאקע, ווי מען זאגט, שטארק מקנא געווען דעם בעקער; איצט גיט זיי די רעגירונג געגוג צום לעבען, און אויף איהר איינגעער רעכענונג ווערען אויפגעפיהרט פארשידענע פארשטעלונגען, צו וועלכע די באזוכער דארפען נאר באצאהלען א נאמינעלען פרייז, לאמיר זאגען, זעכציג סענט א פארשוין. און אט די פארשטעלונגען קאסטען אפ טויזענטער. אזוי איז עס דער פאל מיט פילע אידישע אקטיארען און אקטריסעס, און אזוי מיט פילע גויאישע אקטיארען, וואס האבען שוין אפגעדינט זייער צייט.

איך האב גערעדט מיט איינינע פון זיי, און זיי זיינען געווען גאנץ אפענהערציג מיט מיר: זיי דאנקען גאט פאר דער דעפרעשאן. זי האט זיי געגעבען א נייעם לעבענס־ליעס. זייער איינציגע זארג איז: וואס וועט זיין, ווען די רוזוועלט־ביליאנען וועלען זיך ענדיגען; אדער, ווען אימיצער אנדערש וועט פארנעמען זיין כסא הכבוד?

אלזא, די עקאנאמישע לאגע איז א באדייטענד בעסערע, ווי מיט א פאר יאהר צוריק. אבער אין דער זעלבער צייט ווארפט זיך אין די אויגען א באדייטענדע פארערגערונג פון דעם אזוי געריהמטען אמעריקאנער לעבענס־סטענדארד.

עס פיהלט זיך ניט מעהר, ווי אין די פריהערינע יאהרען, די ברייטע, אפענע האנט. ניט נאר איז דער דאלאר מעהר ניט קיין ממזר, נאר אפילו די פעני, דער סענט. אין פילע שטעדט, וואו מען האט גארניט גע־וואוסט פון א מטבע קלענער ווי א ניקעל, האנדעלט מען ניט נאר מיט סענטען, נאר מיט פיל וועניגער. אזוי, למשל, אין פילע פלעצער, דארפענדיג באצאהלען דעם „סיילס־טעקס" פאר א „קאפ אוו קאפע", האט מען מיר געגעבען רעשטע אזעלכע „טאקענס", יעדע איינע פון וועלכע איז ווערט א פינפטעל פון א סענט. און אז איך האב עס געוואלט דעם קעשיר אדער דער קעשירערין צוריקגעבען, האט מען מיר געזאגט, אז אויף מיין רייזע וועט עס מיר צוניצקומען אין אנדערע רעסטאראנען, און אזוי איז עס טאקע געווען.

דאס איז געווים עטוואס נייעס אין דעם לעבענס־סטענדארד פון אמעריקא. דאס האט מיר דערמאנט אן די פרוטות, וואס די בעטלער פלעגען קריגען צוגעטיילט, געהענדיג איבער די הייזער, אין אונזערע ארימע שטעדט־לאך אין דעם אמאליגען רוסלאנד, ניט היינט געדאכט.

איך האב די זעלבע שפארעוודיגקייט אויך באמערקט ביי די טישען פון איינינע מיינע פריינד און גענאסען, וועלכע זיינען געווען אזוי פריינדליך מיך איינצולאדען צו א מאלצייט... קיינער איז, חלילה, ניט אוועק פון טיש א הונגעריגער, אבער עס איז דאך ניט געווען די אמאליגע פארשידענארטיגקייט פון א מאלצייט, וואס זאל מאכען דעם טיש פאר א ר י י כ ע ן טיש. בלויז ביי איינעם מיינעם אן אלטען פריינד האב איך עס געזעהן, אבער זאל עס דא באמערקט ווערען, אז דער אלטער פריינד מיינער איז מעהר ניט קיין ארבייטער; ער איז א היבש־ערפאלג־רייכער מאנופעקטשורער.

וואלטען דארט די פארשידענע געברויכס־ארטיקלען געווען באזאנדערס טייער, וואלט מען עס נאך געקענט פארשטעהן. אבער דער פאקט איז, דאס אין גאר פילע שטעדט אויף דעם פאסיפישען ברעג איז אלעס זעהר ביליג. אזוי קען מען דארט קויפען א טוץ אייער פון דער פארם פאר 15—20 סענט; דריי „בראילערס" פאר 90 סענט, דאס מיינט, א הינדעל פאר 30 סענט. איך האב געזעהן אונזערען א פריינד קויפען ניט ווייט פון שטאדט צעהן קעפ קאליפלאוער, וואס וואלטען געקאסט א פארמעגען אין ניו יארק, פאר 10 סענט. פלייש און פיש זיינען אויך זעהר ביליג. האבען דאך די מענשען געקענט זיך לאזען וואוילגעהן, און דאך איז עס ניט אזוי. דער אמאליגער לעבענס־סטענדארד איז באדייטענד געפאלען. און די אורזאכע איז ווארשיינליך די, וואס די ארבייטער־ווידזשעס זיינען דארט באדייטענד קלענער ווי אין דער איסט.

אבער, איך בעט אייך, ניט צו ציהען דערפון דעם שלוס, אז דער עולם איז שטארק אונצופרידען, און דאס ער איז מוכן ומזומן צו מאכען די סאציאלע רעוואלוציע. על פי שכל האט עס, אפשר, באדארפט אזוי זיין. אבער עס איז דאך ניט אזוי. דער פאקט איז, דאס דער עולם האט, ווי מיר האט אויסגעזעהן, שוין באלד זיך צוגע־וואוינט צו דעם נידעריגערען לעבענס־סטענדארד, און, מאדנע, ווי עס קען אייך אויסזעהן, ער איז צופרידען, וועניגסטענס, ווייזט ער מיט גארניט ארויס זיין אונצו־פרידענהייט.

יע, א מאדנע בריאה איז דער מענש. ער געוואוינט זיך צו צו אלץ אזוי גיך, אזוי גיך...

אבער, טאמער וועט דער לעזער פון דאס לעצטע, וואס איך האב געשריבען, ציהען דעם פארקערטען שלוס, אז אין אמעריקא איז דער עולם זעהר גלייכגילטיג, און אז עס איז גאר נישטא קיין האפנונג, אז ער זאל ערוואכען, — אזא שלוס וואלט אויך געווען א גרויסער טעות.

מיר, אין דער איסט, האבען נאר א קנאפען באגריף, וואס פאר א באגייסטערונג עס האט ארויסגערופען איבער גאנץ קאליפארניע אפטאן סינקלעיר מיט זיין „עפיק", מיט זיין פלאן צו מאכען א סוף צו ארימקייט אין קאלי־

די פירער פון דער „אמאלגאמייטער אסאסיאיישאן אוו איראן, סטיל ענד טין וואירקערס" זיינען גאנץ קאנסערוואטיווע טרייד יוניאניסטען, אבער דער פראקטישער שכל און זייער ערפארונג האט זיי געזאגט, אז פון דעם פארשפראכענעם ארגאניזאציאנס קאמפיין פון דער עקזעקוטיווע פון דער אמעריקען פעדערייששאן אוו לייבאר אין דער שטאל אינדוסטריע קענען זיי ווייניג ערווארטען, בעת פון דער „סי אי א" קענען זיי א סך דערווארטען. ערשטענס האבען די יוניאנס, וואס זיינען מיט איר פארבונדען, זיך געשטעלט פאר אן אויפגאבע צו העלפען ארגאניזירען די ארבייטער פון די מאסען פראדוקציע אינדוסטריעס אין אינדוסטריעלע יוניאנס; צווייטענס קען מען פון זיי ערווארטען געלד פאר דעם ארגאניזאציאנס דראיוו; דריטענס דזשאן לואיס מיט זיין ריזינער יוניאן, וואס האט א באזונדערען אינטערעס אין דער ארגאניזירונג פון דער שטאל אינדוסטריע. עס איז דעריבער געווען דורכאויס פראקטיש פאר די פירער פון דער שטאל ארבייטער יוניאן זיך אנצושליסען אן דער „סי אי א" און איבערגעבען אין אירע הענד דעם ארגאניזאציאנס קאמפיין אין דער שטאל אינדוסטריע.

וואס קען די עקזעקוטיווע פון דער אמעריקען פעדערייששאן אוו לייבאר טאן נעגען דעם?

זי קען פאקטיש גארנישט טאן. טשארלז פ. האווארד, פרעזידענט פון דער אינטערנעשאנאל טאיפאגרעפיקעל יוניאן, וואס איז א מיטגליד פון דער „סי אי א", האט אויף דעם דערמאנטען אולטימאטום, וואס די דרייער קאמיטע פון דער עקזעקוטיווע פון דער פעדערייששאן האט ארויסגעשיקט, געענטפערט, אז די עקזעקוטיווע פון דער פעדערייששאן דארף וויסען די קאנסטיטוציע פון דער ארגאניזאציע, וואס איז איבערגעגעבען געווארען אין אירע הענד. און לויט איר קען אן אינטערנעשאנאל אדער א נעשאנאל יוניאן, וואס באלאנגט צו דער אמעריקען פעדערייששאן אוו לייבאר באשטראפט ווערען בלויז ווען צוויי־דריטעל מאיאריטעט פון א קאנווענשאן דורך א ראל קאל אפשטימונג האט עס באשלאסען. עס הייסט, אז ערשטענס דארף די עקזעקוטיווע פון דער פעדערייששאןווארטען ביז דער קאנווענשאן און ערשט דעמאלט פרובירען קריגען צוויי־דריטעל שטימען נעגען דער „סי אי א", וואס איז זעהר צווייפעלהאפט, ווייל שוין אויף דער קאנווענשאן אין אטלאנטיק סיטי האבען די אנהענגער פון אינדוסטריעלען יוניאניזם געהאט מער ווי א דריטעל שטימען פון די רעלעגאטען און אויף דער נעקסטער קאנווענשאן וועט זייער שטימען־צאל זיין באדייטענד גרעסער.

⁂

און סאוועט רוסלאנד פירט איין א דעמאקראטישע קאנסטיטוציע מיט אלע פריהייטען.

דאס האט מען אייגענטליך אויך געדארפט דערווארטען, ווען די עקאנאמישע לאגע האט זיך אין סאוועט רוסלאנד אנגעפאנגען פארבעסערען. יעדער פאליטישער רעושים האלט זיך אויף א געוויסען עקאנאמישען פונדאמענט. ענדערען זיך אבער די עקאנאמישע באדינגונגען, מוז זיך אויך ענדערען דער פאליטישער רעושים. א דיקטאטור, וואס האט זיך געקענט האלטען, ווען אין לאנד האט געהערשט הונגער און נויט, מוז אפגעשוואכט ווערען, ווען דער הונגער ווערט אפגעשוואכט און די נויט ווערט קלענער.

מיט דער פארבעסערונג פון דער עקאנאמישער לאגע אין סאוועט רוסלאנד איז די סאוועטען רעגירונג געווארען זיכערער און פעסטער און איז דאך די דיקטאטור קיינמאל ניט געווען קיין אידעאל ביי דער סאוועטען־רעגירונג. אין געגענטייל. עס איז שטענדיג אונטערגעשטראכען געווארען, אז די דיקטאטור איז נויטיג בלויז צייטווייליג, בלויז פאר דער איבערגאנגס־פעריאדע, דער אידעאל איז אבער איינצופירען דעמאקראטיע און וואס מער דעמאקראטיע. אזוי האט מען געלערענט מיט די קינדער אין די שולען און אזוי האט מען געשריבען און גערעדט פאר די דערוואקסענע. איז ענדליך געקומען די צייט ווען מען וועט איינפירען דאס וואס דארף איינגעפירט ווערען.

איך בין ניט זיכער, אז אלץ וועט אזוי זיין ווי עס איז געשריבען אין דער נייער פארגעשלאגענער קאנסטיטוציע פון סאוועט רוסלאנד, אבער קריטיקירען אין פאר־אויס איז מען געוויס ניט בארעכטיגט. דארויף וועט זיין צייט שפעטער, ווען עס וועט זיין וואס צו קריטיקירען. אויפ׳ן פאפיר זעהט עס אויס זעהר גוט.

⁂

פראנקרייך האט צום ערשטען מאל אין איר געשיכטע א סאציאליסטישען פרעמיער מיניסטער און די פראנצויזישע ארבייטער האבען גלייך געהאט די געלעגענהייט צו זעהן וואס פאר א גרויסער אונטערשייד עס איז. ערשטענס האבען זיי געזעהן, אז אונטער א סאציאליסטישען פרעמיער מיניסטער איז זיכערער צו סטרייקען, ווייל די פאליציי פארהאלט זיך גאנץ אנדערש (אין פראנקרייך שטעהט די פאליציי אונטער דער אלגעמיינער רעגירונג, ניט אונטער דער שטאדטישער), צווייטענס איז עס לייכטער צו געווינען די פאדערונגען פון סטרייק.

די פראנצויזישע ארבייטער האבען מיט דער הילף פון לעאן בלום, דעם סאציאליסטישען פרעמיער מיניסטער, געוואונען א געזעצליכע 40 שטונדיגע ארבייטס־וואך, באצאלטע וואקאציע, קאלעקטיווע אגרימענטס און א באדייטענדע העכערונג אין זייער ארבייטס־לוין און דאס אלץ דורך איין סטרייק, וואס האט לאנג ניט אנגעהאלטען.

פראנקרייך האט אין איר געשיכטע געהאט פראגרעסיווע און אויך ראדיקאלע פרעמיער מיניסטערס, אבער אנשטאט זיי זאלען העלפען די ארבייטער געווינען זייערע סטרייקס האבען זיי ניכער געהאלפען ברעכען זייערע סטרייקס. בלויז אין דעם סאציאליסטישען פרעמיער מיניסטער האבען די פראנצויזישע ארבייטער געזעהן זייערען אן אייגענעם, איינעם וואס איז אין גאנצען מיט זיי.

⁂

ברודער אבא שאפירא, פון אלאמינען לאקאל 17 און היינט פון לאקאל 117, האט געצויגען מיין אויפמערקזאמקייט, אז מען דארף אויפקלערען די מיטגלידער פון דער יוניאן און גאנץ באזונדערס די עלטערע, אז זיי זאלען מער ניט פארנאכלעסיגען צו ווערען בירגער פון די פאראייניגטע שטאטען. דאס איז נויטיג צוליב א סך זאכען, אבער מער פאר אלץ צוליב אלטער־פענסיע, צו וועלכער בלויז בירגער זיינען בארעכטיגט.

איך גלויב, אז מען דארף פאר דעם פיל ניט אגיטירען. מ׳דארף עס נאר דערמאנען און איך בין זיכער, אז יעדער איינער וועט פאלגען די גוטע עצה פון ברודער אבא שאפירא און וועלען אים דאנקען, וואס ער האט זיי עס דערמאנט.

## „נ. ר. א.ס׳" יארצייט

### פון ש. טאקסין

אכט און צוואנציג טעג אין מאי<br>איז א יאר אריבער געגאנגען,<br>ווען געפאלן איז עך־אר־איי<br>ווי פון שניטער פאלען די זאנגען.

נאך אן אוליזיע איז פארשוואונדען,<br>טריבער איז היינט אונזער בליק.<br>וועלען מיר אליין דארפען צינדען<br>פונקען פאר׳ן צוקונפטס גליק.

אלע וואך ארבעטען און שאפען<br>אוצרות אין אונענדליך צאל,<br>גענוג שוין איר מידע צו שקלאפען,<br>גענוג! שרייט אויס אויפ׳ן קול.

א פארבלענדט ליכט האט אונז געשיינט<br>פון ווייטען געשיקט אונז די שטראלן,<br>האט זיך אבער געשטארקט אונזער פיינט<br>און פארלענגערט זיין פאלן.

אן אילוזיע און א פאלשע פרייד<br>איז געווען די ען־אר־איי.<br>גענוג שוין צו טרייסטען זיך מיט פרייד,<br>גענוג! צו דער טאט דערניי.

ווערטער געשילדערט דעם לעבען און שטרעבען פון די עטליכע יוניאָנס, וועלכע איך האָב פאַרפעלט צו דערמאָנען אין מיין ערשטען אַרטיקעל, לאָמיר אייך געבען מיין אַלגעמיינעם איינדרוק פון דעם טייל פון מיין נסיעה, וואָס האָט מיך געבראַכט אַלץ נעהנטער און נעהנטער צו אונזערע מקומות, צו אונזער איסט.

קיין גרויסער אונטערשיד, ווי מאנכע גלויבען, צווישען איסט און וועסט איז ניטאָ. דיזעלבע געשפּרעכן, דיזעלבע דיסקוסיעס און דיזעלבע מיינונגס־פאַרשידנהייט איבעראַל. די לעזער פון די דעמאָקראַטישע צייטונגען זיינען דעמאָקראַטען, פון רעפּובליקאַנישע — רעפּובליקאַנער, פון סאָציאַליסטישע — סאָציאַליסטישע, פון קאָמוניסטישע — קאָמוניסטען און אזוי ווייטער.

און דאָס איז ניט דערפאַר ווייל די לעזער פון די פאַרשידענע צייטונגען זיינען מענשען מיט פאַרשידענע אינטערעסען און מיט ענטגעגנגעזעצטע קלאַסען־געפיהלן. גאָר אָפט טרעפט איר גאָר גוואַלדאָוונע רעוואָלוציאָנערען צווישען די, וועמען עס פעהלט זעהר ווייניג אין לעבען, און איר טרעפט העכסט צוריקגעשטאַנענע צווישען די, וועלכע האָבען באַדאַרפט לויט זייערע אינטערעסען זיין די שטאַרקסטע באַקעמפער פון דעם איצטיגען רעזשים. אָבער דאָס אינטערעסאַנטסטע, וואָס איך האָב ניט באַגעגענט אויף מיין גאַנצער רייזע, איז אָט דעם שרעקליכען פאַשיסט, מיט וועלכען אונזערע קאָמוניסטען שרעקען עס אונז אזוי שטאַרק. איך האָב אויך ניט געמערקט קיינע שטורעם־פייגעל פון דעם שרעקליכען אַנטיסעמיטיזם, מיט וועלכען, ווי עס הייסט, אַמעריקע איז פאַרפלייצט.

מערקט אייך, איך זאָג ניט, אז ערגעץ איז ניטאָ אזא בריאה, וועלכער הייסט פאַשיסט אָדער אַנטיסעמיט. אפשר איז ער דאָ ערגעץ וואו, אָבער ער וואַרפט זיך ניט אין די אויגען, ווי, למשל, עס איז דער פאַל מיט די קאָמוניסטען, וועלכע איך האָב געטראָפען אין פלעצער וואו איך האָב זיי גאָרניט ערוואַרט, אָדער ווי די טאָוזענד־חסידים א.א.וו.

אָבער אויב עס מערקט זיך ניט קיין גרויסער גייסטיקער אונטערשיד צווישען איסט און וועסט, איז אָבער דער אונטערשיד אין די עקאָנאָמישע פאַרהעלטניסע צווישען איסט און וועסט און באַזונדערס צווישען אונזערע מקומות און דעם פאַסיפיק קאָוסט, ממש מיט די הענט אָנצוטאַפּען.

א חוץ דעם גרויסען אונטערשיד אין די קלימאַטישע באַדינגונגען, וואָס דאָס איז פון א גאָר גרויסער באַדייטונג, ווייל די נויט און דער עלענד פיהלען זיך פיל שטאַרקער אין אַן אָרט, וואו איר מוזט אויסשטעהן די ערגסטע קעלטען, די שווידערליכסטע פאַרפלייצונגען, ווי אין די ערטער, וואו עס שמייכעלט צו אייך דער בלויער הימעל, וואו אַן אויבערראָק אָדער א ווארימע העמד און זאָקען זיינען גאַנץ איבעריג און וואו אין ערגסטען פאַל, אפילו ווען איר האָט ניט וואו דעם קאָפּ אוועקצולייגען, קענט איר אוועקגעהן אין וואַלד אָדער אין פעלד און גאַנץ געשמאַק איינשלאָפען, אויב דער הונגער וועט אייך נאָר לאָזען.

עס איז אמת, אז גאָר א גרויסער טייל פון די אַרבייטער אין דער זוניגער קאַליפאָרניע, ווערען שרעקליך שלעכט באַצאָלט, ווי דאָס זיינען, למשל, די יאַפּאַנעזישע פרוכט־קלייבער און אזוי ווייטער. אָבער דאָך, ווי עס הייסט, זיינען זיי מעהר אָדער ווייניגער צופרידען, ווייל, ווי מען זאָגט אונז, האָבען זיי קיינמאָל ניט געוואוסט פון עטוואָס בעסערס, און אפשר געהט עס זיי אין זייער היים פיל ערגער. איז עס אָבער ניט אזוי מיט דעם אַרבייטער אין דער איסט, איבערהויפּט ווען ער איז אַרבייטסלאָז און מוז זיך באַנוגענען מיט דאָס סאַמע ווענינגסטע, ווייל סיי די לעבענסמיטעל, סיי די רענט און די קליידונג און אַנדערע סאַמע נויטווענדיגקייטען זיינען פיל טייערער, ווי אין די גאָטגעבענשטע שטעט פון דעם פאַסיפישען ברעג.

באַדאַרפט האָט דאָך זיין, אז גראַד אין אונזערע מקומות זאָלען די אַרבייטער זיין די שטאַרקסטע געגנער פון אונזער אזוי־גערופענער אָרדנונג, אָבער עס איז דאָך ניט אזוי. אָט נעמט, למשל, אזא גרויסע שטאָט, ווי דאָס איז פּיטסבורג מיט אירע הונדערטע טויזענדע שטאָל־ און אַנדערע אַרבייטער. וואו ווערען די אַרבייטער אזוי שענדליך עקספּלואַטירט, ווי אין פּיטסבורג? וואו זיינען די אַרבייטער אזוי פאַרשקלאַפט פון זייערע בעלי־בתים, אז זיי טאָרען אפילו זייערע אייגענע יוניאָנס ניט האָבען, ווי אין פּיטסבורג? און אָט איז דאָרט דעם ווינטער פאָרגעקומען א שווידערליכער מבול, אין וועלכען, ווער ווייסט, וויפיל אָרימע מענשען, עס זיינען אומגעקומען (די צייטונגען האָבען פאַרשטיקט דעם גאַנצען שרעקליכען מאַסען־אומגליק, און טאַקע, וואָס איז דאָ פיל צו ריידען, אז עס זיינען דערטרונקען געוואָרען עטליכע הונדערט שקלאַפען? קנאַפּ זיינען זיי דאָ אין אַמעריקע?) און דאָך, אז איך בין אָנגעקומען דעם ערשטען מאַי אין פּיטסבורג, איז פונקט ווי איך האָב ניט געפונען קיין זכר פון דעם מבול מיט אייניגע וואָכען צוריק, (מאָלט אייך, אז דאָס וואַסער האָט אין דער ביזנעס־געגענט דערגרייכט ביז 46 פוס הויך און דאָך איז אין די סטאָרס ניט געווען קיין סימן פון דעם אז זיי זיינען געשטאַנען איינגעווייקט אין דעם מבול פאַר טעג און טעג, אז מען האָט גאָר ניט געקאָנט צוקומען צו זיי. יאָ, עס איז א גרויסער שבח פאַר אונזער ציוויליזאַציע, ווי גיך ביזנעס קען קומען צו זיך פון אזא שווידערליכען נאַטור־אומגליק), אָבער פונקט אזוי ווייניג האָב איך געפונען א שליאַר פון אירגענד וועלכער שטורעמדיגער אַרבייטער באַוועגונג.

מאָלט אייך, עס איז דער ערשטער מאַי, און זאָל מען עס הערען א טראָט פון די מאַרשירענדע אַרבייטער־באַטאַליאָנען. קיין סימן פון דעם אַלעם.

פאַרדאָן, עטוואָס איז יאָ געווען. אויף ביינאַכט ווערט פאַראַנשטאַלטעט א מיטינג אין א גרויסען האָל, וועלכער קאָן אַריינגעמען א פּאָר טויזענט מענשען. איר טרייסט זיך: עפּעס איז פאָרט דאָ, און עס וועט זיין פאַר וועמען צו ריידען, און זאָל עס זיין אין אָוונט, פון דעם גרויסען אַרבייטער יום טוב. מען זאָגט אייך, אז דאָס איז א מיטינג איינבארופען פון אזויפיל און אזויפיל פּראָגרעסיווע פאַראיינען, ברענטשעס, יוניאָנס, פּאַרטייען און אזוי ווייטער.

און קומט איר אַריין אין האָל, ווערט אייך פינסטער אין די אויגען. מענשען א הייפעלע, און די ליידיגע בענק אזויפיל.

אזוי האָט עס פּיטסבורג, די גרויסע אַרבייטער שטאָט, געפייערט איר גרויסען יום טוב, דעם ערשטען מאַי. עס ווערט אומעטיג אויפ'ן הארצען. איר דערמאָנט זיך אָן די אַמאָליגע גרויסע קאַמפען פון די אַרבייטער געגען זייערע אונטערדריקער און שטיקער: איר דערמאָנט זיך אָן די בערקמאַנס, וועלכע האָבען איינגעשטעלט זייערע לעבענס אין די גרויסע אַרבייטער מלחמות. איר דערמאָנט זיך אָן דעם גרויסען האָמסטעדער סטרייק פון דעם פאַרינגען יאָרהונדערט, איר דערמאָנט זיך אָן דעם גרויסען שטאָל־סטרייק מיט זעכצען יאָר צוריק, און איר פרעגט זיך: קאָן דאָס זיין, אז דאָס אַלעס איז געווען אומזיסט, אז געזיגט האָבען פאָרט די קאַרנעגיעס, די פריקס, די מעלאָנס און אזוי ווייטער?

דער ערשטער מאַי מיטינג ענטפערט אויף די אַלע פאַרצווייפלונגס־פראַגען מיט א שרעקליכען יאָ, אָבער דאָס איז אַביסעל א צו האַסטיגער באַשלוס; איר רעדט זיך פאַנאַנדער מיט די אַלטע פּיטסבורגער, איר פרעגט ביי זיי, וואָס איז דער מער מיט פּיטסבורג, ווייזען זיי אייך אָן אויף געוויסע גאַנץ ספּעציעלע אומשטענדען. און טאַקע אויף דעם מבול. די ביזנעס וועלט איז טאַקע גאַנץ שנעל געקומען צו זיך. די קראָמען, די מאַגאַזינען פינקלען און גלענצען ווידער אַמאָל מיט נייע אַרטיקלען, אָבער די אַרבייטער וועמעס האָב און גוטס און מיט זיי צוזאַמען זייערע לעבענס, זיינען דערטרונקען געוואָרען, זיי זיינען נאָך צו זיך ניט געקומען, און דערפאַר אזא ניט געראָטענער ערשטער מאַי יום טוב. עס „יום־טוב'ט" זיך ניט אונטער אזעלכע אומשטענדען, האָבען זיי מיר געזאָגט.

יאָ, נאָר ניט פאַרצווייפלען, זאָגען די אַלטע קאַמעראַדען, אין דער שטיל און אין דער טיף שאַפט זיך א נייער לעבען, באַלד און עס וועט אויף דאָס ניי אויפפלאַקערען דער גרויסער קאַמף פון די שטאָל אַרבייטער געגען זייערע רויבער־באַראָנען און מיט מער זיכערקייט אויף א גרויסען ערפאָלג.

און די האַרץ באַפעלט אייך צו גלויבען. עס איז דאָך אזוי גוט און אזוי היילזאַם צו גלויבען אין די גרויסע קאַמף פעהיגקייט פון די אַרבייטער אַנשטאָט צו פאַרצווייפלען...

פארטיע. פאנטאסטיש ווי זיין פראגראם איז, און אונאויספיהרבאר ווי ער איז, ווייל ער קומט ווידער ארויס פון דעם פאלשען געדאנק, אז איין ווינקעל פון אירגענד א לאנד אדער פון דער וועלט קען זעליג ווערען, און די גאנצע איבעריגע וועלט זאל בלייבען אין איהר פריהעריגען עלענד, — דאך, גאר פארשיידענע שיכטען האבען זיך אנגעכאפט אן דעם, אלס אן זייער משיח, וואס דאס באוויזט, אז נאך א משיח'ן גארען זיי... זיי זוכען איהם, און פריהער אדער שפעטער וועלען זיי געפינען דעם ריכטיגען משיח.

דאס זעלבע איז וועגען דעם טאונסענד־פלאן. הונדערטע טויזענדע און אפשר מיליאנען האבען זיך אנגעכאפט אן דעם. עס קען זיין, אז די אונטערזוכונג, וואס דער קאנגרעס פיהרט איצט אן וועגען דעם, וועט שטארק קאליע מאכען די „ביזנעס־לייט” אין דעם טאונסענד־פלאן, וועלכע האבען פאר זיך געמאכט א גארניט קיין שלעכטען געשעפט פון דעם, אבער דער עצם־געדאנק, אז יעדער מענש, וואס האט אפגעארבייט זיין גאנצען לעבען, איז בארעכטיגט צו א פאלשטענדיגען אפרוה און צו לעבען אהן די מינדסטע זארג פאר'ן מארגען, און אז איהם זאל קיין זאך ניט פעהלען, און אז דאס זאל ער ניט קריגען אלס נדבה, נאר אלס א חוב, וואס די געזעלשאפט איז איהם שולדיג, — דאס איז א געדאנק, וואס זיצט איצט גאנץ פעסט אין מיליאנען קעפ, און פאר וואס ביז צו א געוויסען גראד מען מעג דאנקען דער טאונסענד־באוועגונג, צי דער באשאפער איהרער האט עס ווירקליך געמיינט, צי ניט.

דאס איז ווירקליך דאס באדייטענדע גוטע, וואס איך האב באמערקט אויף מיין רייזע. מעהר נאך, לויט איך דענק, קען מען צורעכענען צו דער קרעדיט־זייט דאס, וואס איך האב ניט געזעהן קיין סימן פון פארצווייפלונג, ווי איך האב עס געזעהן מיט א פאר יאהר צוריק.

מעגען אנדערע דענקען, אז פארצווייפלונג איז א שטארקער רעוואלוציאנערער פאקטאר. איך בין פון גאר א פארקערטער מיינונג. פארצווייפלונג איז קיינמאל ניט געווען און איז ניט קיין גוטער ראט־געבער ניט אין די קליינע פרטים פון לעבען, און זיכער ניט אין די גרויסע.

2

און איצט, אז אונזערע לעזער וויסען שוין וועגען דעם אלגעמיינעם איינדרוק, וואס מיין לעצטער טור האט אויף מיר געמאכט, וויל איך ווידעראמאל זיך צוריקקערען צו אונזערע יוניאנס, מיט וועלכע איך בין געקומען אין בארירונג, ניט בלויז אויף דעם פאסיפיק קאוסט, נאר אויך אין די שטעט, וועלכע זיינען שוין פיל נעהנטער צו ניו יארק.

ווארים לאמיר דא ערקלערען, אז איידער איך האב געקאנט מאכען מיין נסיעה נאך דעם פאסיפיק קאוסט, האב איך געהאט א קליינעם לעקטשור־טור אין באסטאן און אין פילע ארומיגע שטעט, וועלכער איז ארגאנזשירט געווארען פאר מיר פון מיין אלטען פריינד לעאן ארקין, מענעדזשער פון דעם „פארווערטס” אין באסטאן. דארט האב איך גערעדט אויך פאר די צוויי נאדעל־טרייד יוניאנס, איך מיין די אינטערנעשאנעל און די אמאלגאמיטעד, און אויך דארט האט זיך געמערקט דערזעלבער „רענעסאנס”, דיזעלבע אויפלעבונג פון א פיל שטארקערען אינטערעס פאר געוויסע פראגען, וועלכע האבען צו טאן ניט בלויז מיט דער ברויט און פוטער־פראגע אליין, מיט פראגען פון א מאמענטאנעם אינטערעס, נאר מיט פראגען וועגען וועלכע מען וואלט אין די פריהערדיקע צייטען גערופען מיט דעם נאמען בלויז „אקאדעמישע”, טעארעטישע פראגען, אויף וועלכע אונזערע פראקטיקער וואלטען מיט א געפיהל פון ביטול א מאך געטאן מיט דער האנט.

מיר דאכט זיך, אז דער איינציגער שלוס, וואס מען קאן ציהען דערפון איז, דאס די פראגע פון דעם מאמענטאנעם פארדינסט, פון די וועכענטליכע ווידזשעס, איז ניט געווען אזוי ברענענדיג ווי אין די פריהערדיגע צייטען.

בידע מיטינגען, סיי פון דער אינטערנעשאנעל און סיי פון דער אמאלגאמיטעד, זיינען געווען גאר באזונדערס גוט באזוכט, און מיינע ווערטער האבען ארויסגערופען גאר פילע פראגען און באמערקונגען.

זאל דא אנגעוויזען ווערען אויף נאך א געוויסע כאראקטעריסטיק פון די איצטיגע מיטינגען אין אונזערע יוניאנס. אמאל זיינען אזעלכע מיטינגען געווען אויסשליסליך אידישע מיטינגען, און, פאלגליך, האבען אלע לעקטשורס פאר זיי געמוזט געהאלטען ווערען אין אידיש. איצט איז עס גאנץ אנדערש. די מאיאריטעט פון די, וועלכע קומען צו אזעלכע מיטינגען, באשטעהט פון „גוים”, פון איטאליענער, מעקסיקאנער, ניגערס און אזוי ווייטער. די רעדעס מוזען געהאלטען ווערען אין ענגליש, וואס אלע פארשטעהען, אדער דארפען פארשטעהן. אזוי איז עס אין דער איסט. אזוי איז עס אין דער וועסט און אזוי איז עס אויפן פאסיפיק קאוסט. די איינציגע אויסנאם איז דוקא קליוולאנד, וועלכע איז נאך אלץ, וואס אנבאטרעפט די קלאוקמאכער יוניאן, שטארק אידיש, און דארט וויל ברודער קאטאווסקי, דער מענעדזשער פון דעם דזשאינט באארד און אויך דער וויס־פרעזידענט פון דער אינטערנעשאנעל, אז די לעקטשורס, וועלכע זיינען דארט א שטענדיגע איינפירונג, זאלען פון די אידישע לעקטשורער געהאלטען ווערען אין אידיש.

איך דענק ניט, אז דאס איז דערפאר ווייל ברודער קאטאווסקי איז אזא שטארקער אידישיסט, נאר איך דענק, אז ער איז פון דער מיינונג, דאס א אידישער לעקטשורער קאן זיך פיל בעסער פארשטענדליך מאכען פאר זיין עולם אין אידיש ווי אין ענגליש. איז ער, אפשר, ניט אין גאנצען אומגערעכט... אי, די גוי'אישע מעמבערס? איז עס איינס פון די דריי: אדער זיי זיינען אין א גאנץ קליינער מינאריטעט, אדער זיי האבען דערוויל נאך א קנאפען אינטערעס אין לעקטשורס, אדער פאר זיי ריידען פון צייט צו צייט ענגלישע לעקטשורערס, ווי דער פרעזידענט און אנדערע רעדנער פון דער אינטערנעשאנעל.

וואס אנבאטרעפט טאלידא, אהייא, א שטאט גאר ניט ווייט פון קליוולענד, דארט מוז מען ריידען טאקע אין ענגליש, ווייל גאר א גרויסע מאיאריטעט רעדט ניט קיין אנדער שפראך ווי ענגליש. דערפאר האט טאקע ברודער ראזענקראנץ, אין זיין איינלאדונגס בריף צו מיר, צו האלטען א לעקטשור, די ערשטע זאך געוואלט וויסען, צי רייד איך אויך אין ענגליש.

איך דענק, אז אויף טאלידא איז נויטיג זיך אפצושטעלען גאנץ באזונדער. געווען בין איך דארט מיט א יאר צוואנציג צוריק, און געהאט דארט א גאר גרויסען מיטינג און טאקע אין אידיש. אין דעם משך פון די צוואנציג יאר איז אבער אין טאלידא פארגעקומען א שטארקע ענדערונג. מיט יארען צוריק איז דארט געווען א גאר שטארקע קלאוקמאכער יוניאן. צוליב געוויסע אורזאכען, אין וועלכע מיר קענען מאמענטאן ניט אריינגעהן, איז די יוניאן ניט נאר שטארק אפגעשוואכט געווארען, נאר עס האט אויסגעזעהן, אזוי ווי יעדער זכר פון יוניאניזם אין דעם קלאוק טרייד איז דארט פארשוואונדען. אבער, ווי עס ווייזט זיך איצט ארויס, איז דער געדאנק פון יוניאניזם קיינמאל ניט געטויט געווארען, ווארים איצט, זייט די לעצטע פאר יאר, איז דארט דא א גאר שטארקע יוניאן, כמעט הונדערט פראצענט ארגאניזירט.

איך האב געזאגט, אז די מאיאריטעט אין דער יוניאן, פרויען און מענער, באשטעהט פון גוים און גויעטעס, אבער די פירער פון דער יוניאן, אלזא דער סאמע רוקענביין פון דער יוניאן איז נאך אלץ א אידישער, אזוי איז דארט דער פרעזידענט פון דער יוניאן ברודער קאהן, דער סעקרעטאר, ברודער ראזענקראנץ, און אויך די הויפט־טוער, למשל, ווי מר. און מרס. סימסין, וועלכע זיינען זעהר טעטיג, כאטש זיי זיינען גאר שטארק קאמוניסטיש געניינט. זיי געהערען חלילה ניט צו דער פארטיי, אבער זיינען שטארק אין סימפאטיע מיט אלץ, וואס די פארטיי שטעלט מיט זיך פאר.

ווען איך האב די סימסינס אויפמערקזאם געמאכט, אז עס איז גוט, וואס זיי זיינען נאך ניט קיין מעמבערס אין דער קאמוניסטישער פארטיי; ווען יא, וואלטען זיי זייער שלעכט אפשעניטען פאר זייער ליבע גאסט־פריינדליכקייט, וואס איך האב געהאט גענאסען ביי זיי, האט ברודער סימסין עס „קאטעגאריש” (אהן וועלכען ווארט ברודער סימסין טוט זיך ניט א ריר) אפגעלייקענט. ער האט אנגעוויזען אויף דעם פאקט, דאס די קאמוניסטען ווילען א פאראייניגטען פראנט מיט פיל ערגערע קאנטר־רעוואלוציאנערען, ווי איך בין.

און איצט, אז איך האב פאר איך אין גאנץ קנאפע

# אַ לידער־רינג

פון אברהם רייזען.

## א
### איך קעמף.

איך קעמף פאַר מיין זיין,
פאַר אָרט אין דער וועלט;
מיין וואָרט איז ווי ווין,
וואָס שפּיגעלט און קוועלט.

איך גליה און איך פליק
אין ווייט און אין הויך;
און ווייס אויך פון מיה,
פון פרייד — אַמאָל אויך.

איך געה אין די טריט
מיט בויער פון וועלט,
און זינג־מיט דאָס ליד,
און פאָדער וואס ס'פעלט.

## ב
### איינמאָל...

איינמאָל דאָ געקומען
אין די וועלט שוין דיין;
אלץ וואָס ס'איז פארנומען,
אַלץ, וואס ס'וועט נאָך זיין.

ווער קען דען דיר זאָגען:
ס'איז געווען שוין לאנג?
קענסט זיך איבערטראָגען
ביז צום ערשטען קלאַנג.

ווער קען דען זיך קלאָגען:
קורץ איז לעבענס צייט.
קענסט געדאנקען יאָגען
ביז דער אייביגקייט...

## ג
### מיין פאַרלאַנג.

איך וואָלט וועלען טרייסט געפינען,
ס'זאָל מיין וואָרט זיך ווייט צעקלינגען;
און מיט וואָרט מיין זיין פאַרדינען,
און מיט ליד, וואס איך וועל זינגען.

כ'זאָל די אַרבייטער אין שאַכטען,
צי אויף פעלד, צי ביי מאַשינען,
יעדען אָרעמען, פאַרשמאַכטען —
מיט מיין ליד זיין מיה באַזינגען...

אז דער שונא, בייז געשליפען,
זאָל מיין זינגען מיר ניט שטערען,
און מיין וואָרט, וואס קומט פון טיפען,
זאָל די גאנצע וועלט דערהערען...

## ד
### ביים פענסטער.

איך זיץ ביים פענסטער שטיל, באַרוהט,
און ס'דאכט זיך מיר, די וועלט איז גוט...
אַ הינטעל לויפט מיין בליק פאַרביי,
איז פרעה איך מיך, וואָס ער איז פריי.
אַ מאַמע פיהרט אַ קינד ביי האַנט —
מיין האַרץ צו ריהרען — ס'איז אין שטאַנד;
צוויי שכנים ריידן טריי און שטיל —
איך הער ניט וואָס, איך פיהל דעם ציל.
א בוים אנטקעגען רוישט קוים־קוים —
מיר דאכט ער רעדט צו מיר, דער בוים.

## ה
### אַזוי...

אָט אַזוי וועל איך שוין בלייבן
און ווי אַנגעהויבען — ענדען:
לידער וועגען פרידען שרייבען,
וועט דער קריג זיך זעלבסט פאַרלענדען.

און אַזוי וועל איך שוין לעבען,
פון דעם פיינט קיין ביישפיל נעמען;
ביי זיין פאַל די האנט איהם געבען,
וועט ער זיך אליין פארשעמען...

אָט אזוי וועל איך זיך פיהרען,
ביז דער גרויסער טאָג וועט קומען
צווישען דערנער — גרינג שפּאַצירען,
און ניט שטרויכלען אויך ביי בלומען...

## ו
### דער נייער וועג.

עס הויבן אָן שוין צו פאַרשטילען
די טריט פון פריערדיגען דור;
און איצטער, זעה, וואוהין מיר צילען
איז ברייט דער וועג און ווייט און קלאָר.

עס פאלען שאָטענס נאָך פון בוימער,
וואָס זיינען לאנג־צוריק געפלאַנצט;
נאָר ווען דו טרעפסט ביים וועג א שומר —
זיין בליק מיט נייער זון גלאַנצט.

אַמאָל — עס טרעפט — הויבט אָן פארדריסען;
דאָס אַלטע געהט אַוועק... ס'טוט באַנג...
דו הערסט אַן אָפקלאַנג, הערסט די גריסען
פון פריהערדיגע אין דיין געזאנג.

עס וויל דיר, דאכט זיך, ווער דערמאָנען
א יום־טוב־טאָג, א פרייד, א שפּיל;
דו הערסט אַ טאָן, אין רויש פון פאַנען,
וואָס רופט און ברומט און וועקט געפיהל...

דערהערסט אַ לידעלע א טריבע,
נאָר ווי מיט סודות דורכגעוועבט...
א ווייטע, טרויעריגע ליבע,
נאָך אין דער קינדהייט דורכגעלעבט...

און וועגען דעם, וואס ס'איז פארבליבען
פון אלע דורות אין פארמעג;
נאָר דו, פון נייעם דראַנג געטריבען,
דו געהסט פאָרויס צו נייע טעג.

---

וואו צווישען אלע פעלקער איז אויך זיין אידיש פאָלק
באפרייט געווארען פון פילפאכער שקלאפעריי.

נאָך זיין צוריקקער פון רוסלאנד האָט רייזענ'ס מוזע
ניט אויפגעגעבען די האָפנונג אז אויף א פרייער ערד מוז
אויסוואקסען א פרייע מענשהייט און פאָלקס־הערשאפט.

פאר דאָס נוטע האָט רייזען לויב־געזאנג, פאר דאָס
שלעכטע — פארנעבונג.

פארגעבונג, פשטות און ליבשאפט זיינען די ווייכ־
טיגסטע שטריכען פון רייזענ'ס וועזען, וואָס שטראַלט
ארויס פון זיינע ליטעראַרישע שאפונגען מיט דער איינענ־
ארטיגער רייזענ'שער זעלבסט פארשטענדליכקייט.

פאר אט די פערזענליכע און דיכטערישע טוגענדען
איז אברהם רייזען אזוי באליבט און אזוי פאפולער צווי־
שען די אידישע ארבייטער און פאָלקס־מאסען.

# אברהם רייזען דער דינער פון פאָלק

**פון פ. דעמביצער**

פאַריגען חודש איז איבעראַל וואו עס לעבען אידישע אַרבייטער און פאָלקס־מאַסען, וועלכע האָבען געהאַט די מעגליכקייט אויסצודריקען זייערע געפיהלען, געפייערט געוואָרען אברהם רייזענ׳ס זעכציגסטער געבורטסטאָג. די פייערונגען האָבען געטראָגען אַ פאָלקס־כאַראַקטער און רייזענ׳ס פערזענליכער יובילעאום איז פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אַ יום־טוב פון דער אידישער קולטור און פּאָעזיע.

אברהם רייזען איז דער פּאָפּולערסטער און באַליבטסטער פּאָעט ביי די אידישע פאָלקס־מאַסען. רייזען האָט זיך די פּאָפּולאַריטעט און ליבשאַפט דערוואָרבען אָהן דער קריטיק. זי שטאַמט פון דעם דירעקטען קאָנטאַקט, וואָס האָט זיך אויסגעבילדעט צווישען דעם פאָלקס געפיהל און דער נשמה פון דיכטער אַ דאַנק דעם דיכטערס אייגענאַרטיגקייט. דער הויפּט שטריך אין רייזענ׳ס פּאָעטישער אייגענאַרטיגקייט איז זיין פּשטות — אַ פּשטות, וואָס פליסט אין בלוט פון אַלע גרויסע פּאָעטען; אַן איינפאַכקייט, וואָס ווערט די זעלבסטפאַרשטענדליכקייט און איז אַן אָרגאַנישער טייל פון אַלע גרויסע גייסטער אין דער וועלט־ליטעראַטור, וועלכע האָבען פאַרמאָגט יענע געטליכע קראַפט די שווערסטע פּראָבלעמען און פאַרפלאָנטערטסטע געפיהלען אויסצודריקען אין דער איינפאַכסטער און פאַרשטענדליכסטער פאָרם.

רייזען איז צווישען אַלע באַדייטענדע אידישע פּאָעטען צום מיינסטען פאַרנאַכלעסיגט געוואָרען פון דער קריטיק. ניט צוליב דער קריטיק׳ס שולד, נאָר דערפאַר וואָס רייזען איז ניט קיין דאַנקבאַרער פּאָעט פאַר קריטיקער. ער נויטיגט זיך ניט אין אַ פאַרמיטלער צווישען זיין ושעניע און דעם פאָלק. דאָס פאָלק פאַרשטעהט און באַגריפט איהם אָהן אַן אויפקלערונג. דער לעזער פיהלט איהם און פאַרשטעהט איהם אַ סך בעסער דורך דער שפּראַך פון דיכטער׳ס האַרץ ווי דורך דער פאַרמיטלונג און אויסטייטשונג פון קריטיקער׳ס אינטעלעקט.

רייזען איז דער האַרצענס־דיכטער פון אידישען אַרבייטס־מענש, ער איז דער אונמיטעלבאַרער דיכטער פון פאָלק.

⁂

רייזען איז איינער פון די ערשטע ליריקער פון אונזער ליטעראַטור. ער איז אָבער ניט קיין סוביעקטיווער פּאָעט, ביי וועמען דער „איך" איז דער צענטער פון דער וועלט. רייזען איז אַ סאָציאַלער ליריקער. און לאַכט און וויינט, האָפט און קעמפט, לויט די סאָציאַלע באַדינגונגען. זיין פרייד און גליק איז דאָס גליק פון דער מענשהייט, און דער קוואַל פון אַלע זיינע פערזענליכע לידען און יסורים איז דער וועלט־שמערץ פון קאָלעקטיוו. מיט דעם פאָלקס־קאָלעקטיוו האָט ער אַן אייביגען ליבעס־בונד געשלאָסען און איהם האָט ער זיין מוזע געווידמעט.

פון רייזענ׳ס דיכטונג זינגט דאָס פאָלק. ווארים רייזען און דאָס פאָלק איז איין באַגריף. ער איז דער טענאָר פון דער מאַסע, וואָס זינגט ארויס פון דער פאָלק׳ס ברוסט איהרע פריידען און לידען, איהרע האָפנונגען און ענטוישונגען.

„איך בין פון עלענט, נויט אַ זינגער,
מיין געבורטס־אָרט איז די ליטע,
וואו מען שטאַרבט אין גאַס פון הונגער".

רייזענ׳ס דיכטונג איז געזאַנג. ער איז דער סאָליסט און די מאַסע איז דער כאָר, וואָס זינגט בשותפות מיט דעם פאָלקס־דיכטער.

⁂

רייזען איז דער געבוירענער דיכטער פון דער פּראָלעטאַרישער קולטור און קונסט. זיין פּאָעטישער איך געהט אין גאַנצען אויף אין פאָלקס־קאָלעקטיוו. זיין סוביעקטיווע שטימונג איז דער עכאָ פון דער סאָציאַלער אַטמאָספערע פון די אידישע פאָלקס־מאַסען. די מאַסע ווירקט אויף דעם דיכטער פּונקט אַזוי ווי דער דיכטער אויף די אַרבייטער און פאָלקס־מאַסען. און אין דער דאָזיגער געגענזייטיגער באַווירקונג ליגט דער סוד פון רייזענ׳ס אייביגער יוגענטליכקייט און פרישקייט.

דאָס אידישע פאָלקס־לעבען האַלט רייזענ׳ען פאַר דער האַנד, ווי אַ געטרייען, איבערגעבענעם פריינד, וואָס טרייסט זיין שווערען געמיט, וועקט אין איהם האָפנונגען און פיהרט איהם אין קאַמף פאַר אַ שעהנערער וועלט. רייזען, ווידער, איז דער מאַסע׳ס לעבענס־באַגלייטער אין דער אידישער ליטעראַטור און קולטור. ער איז דער קאַלענדאַר פון איהרע שטימונגען און עמפּינדונגען.

רייזען האָט אַ שם אַלס דער דיכטער פון נויט און אומעט. אמת. רייזען איז אָבער גלייכצייטיג אויך דער דיכטער פון טרייסט און האָפנונג, פון פרייד און גליק, ווי פון קאַמף און זיג. וואָס ביים פאָלק אויפ׳ן לונג איז ביים פאָלקס־דיכטער אויף דער צונג.

ווען רייזען האָט זיך באַוויזען אין דער אידישער ליטעראַטור, איז די אידישע מאַסע עקאָנאָמיש געווען דערשלאָגען און פאַראָרימט, נאַציאָנאַל אונטערדריקט און פּאָליטיש פאַרפאָלגט. האָט ער דעמאָלט אין זיינע לידער אָפּגעשפּיגעלט די האָפנונגסלאָזיגקייט פון די אידישע קאַרטאָפעל־קינדער אין פרצ׳ס קעלער־שטוב.

ווען גאַנצע שווינ׳ס אייניקלאַך האָבען אָנגעפאַנגען צו רעוואָלטירען אונטער דער ווירקונג פון דער רעוואָלוציאָנערער אַרבייטער־באַוועגונג אין אַלטען רוסלאַנד, האָט זיי רייזען געגעבען האָפנונג און מוט, און באַזינגענדיג די „דעמאָנסטראַנטען" האָט ער זיי באַגלייט צום קאַמף און צום זיג.

ווען רוסלאַנד׳ס ערד איז באַפרייט געוואָרען פון די צאַרישע טיראַנען, האָט אברהם רייזען די באַפרייטע ערד באַזונגען, און פון דאַנקבאַרקייט וועגען האָט ער זיין מוזע אויך געשטעלט אין דינסט פון איהרע באַפרייער, טראָץ דעם וואָס טיף אין האַרצען האָט ער אונטערדריקט טענות און תרעומות צו די נייע דיקטאַטאָרען, וואָס האָבען געפּלאָגט זיין געוויסען און נשמה.

די באַפרייטע ערד איז געוואָרען זיין ציל־פּונקט און אויף זיין וועג צו איהר האָט דער דיכטער שוין געמוזט מאַכען די ערשטע טרויעריגע ערפאַרונג מיט די געזעצען פון דער נייער דיקטאַטור.

געווען איז דאָס מיט קנאַפּע צעהן יאָהר צוריק, ווען די קאָמוניסטישע מאָראַל האָט זיך נאָך אָריענטירט אויף דער „אַלטער ליניע". רייזען איז דעמאָלט געפאָרען אין האָפנונגספולער ערוואַרטונג צו באַגריסען די באַפרייטע ערד פון זיין אַלטער היימאַט. אָבער שוין אין מיטען וועג צווישען ניו יאָרק און מאָסקווע, אין פּאַריז האָט ער דערפיהלט די ערשטע ערנידערונג פון דער קאָמוניסטישער דיקטאַטור. נאָך איידער ער האָט דערבליקט די נייע פרייע ערד, האָט ער שוין דערהערט דעם קייטען־געקלאַנג פון דער נייער דיקטאַטור.

אין פּאַריז איז דעמאָלט פאָרגעקומען אַ טרויער־מיטינג נאָך דעם בארימטען אידישען רעוואָלוציאָנער ב. מיכאַלעוויטש. מיכאַלעוויטש האָט אַ גרויסען טייל פון זיין לעבען פאַרבראַכט אויף קאַטאָרגע און אין סיביר. ווען ער איז געשטאָרבען איז ער געווען דער פיהרער פון „בונד" אין פּוילען — די רעוואָלוציאָנערסטע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אין אייראָפּע, און דער פּרעזידענט פון דער אידישער שול־אָרגאַניזאַציע אין דער פּוילישער רעפּובליק. רייזען איז איינגעלאַדען געוואָרען צום טרויער־מיטינג — און ער איז ניט געגאַנגען. געגאַנגען צום מיטינג איז ער ניט, ווייל מען האָט איהם ניט געלאָזט באַגעהן אַזאַ „קאָנטער־רעוואָלוציאָנערען" פאַרברעכען. ער איז דעמאָלט געווען אין רשות פון דער קאָמוניסטישער „פרייהייט" אין ניו יאָרק און אין דער געפאַנגענשאַפט פון זיין רוסישער רייזע.

הגם ער האָט געמוזט בויגען זיין פּאָעטישע מאַיעסטעט פאַר דעם געבאָט פון דער דיקטאַטור, האָט ער אָבער ניט געענדערט זיין באַציהונג צו רוסלאַנד׳ס באַפרייטער ערד, צו דעם פאָטערלאַנד פון די אַרבייטער און פּויערים,

מער די נויטיגע צוויי טויזענט דאָלער א יאָר? לאָמיר זעהן, וואס די פאקטען און ציפערען זאגען וועגען דעם.

די באקאנטע עקאָנאָמיסטען, דר. ווילפאָרד קינג און פראָפעסאר פאול בריסענדען, האָבען אין יאר 1927 געמאכט א גרינדליכע אויספארשונג וועגען די ווידזשעס פון די אמעריקאנער ארבייטער אין די פארשידענע אינדוסטריען און זיי זיינען געקומען צו א געמיינזאמען באשלוס, אז די ארבייטער פון כמעט אלע אינדוסטריען (מיט דער אויסנאם פון א צאָל ארבייטער פון דער פרינטינג אינדוסטריע, בילדונג אינדוסטריע און הויך קוואַליפיצירטע ארבייטער) פארדינען דורכשניטליך ניט מער ווי צוועלף הונדערט דאָלער א יאָר (ארום פיר און צוואַנציג דאָלער א וואך.)*)

עס איז כדאי צו באמערקען, אז דער צענזוס פון די מאנופעקטשורערס אין יאר 1925 האָט געגעבען דיזעלביגע אָפשאצונג, אז דער דורכשניטליכער פארדינסט פון א פעקטאָרי ארבייטער איז אין די יאָרען פון 1928-1929 געווען ארום צוועלף הונדערט און אכציג דאָלער א יאר.

דערביי דארף מען נעמען אין אנבאטראכט, אז די דאָזיגע שכירות האָבען די ארבייטער געקראגען אין די יארען ווען עס איז געווען פראָספעריטי אין אמעריקע. אין די לעצטע יאָרען, ווען אמעריקע איז אין די נעגעל פון קריזיס, זיינען די שכירות פון די ארבייטער א היבש ביסעל ארונטערגעזונקען. אזוי זעהען מיר, אז אין נאָוועמבער, 1931, האָט די נעשאָנעל אינדוסטריעל באָארד ארויסגעגעבען א דערקלערונג, אז די דורכשניטליכע שכירות פון אן ארבייטער איז ארום טויזענט דאָלער א יאר (ארום 20 דאָלער א וואך). און קיינער וועט דאָך נישט חושד זיין די מאנופעקטשורערס, וואס געפינען זיך אין דער אינדאַסטריעל באָארד, אז זיי זיינען סאָציאַליסטען, אדער קאָמוניסטען, וואס ווילען באווייזען, אז די ארבייטער קריגען קליינע ווידזשעס, כדי אויפצורייצען די ארבייטער אז זיי זאָלען קעמפען פאר העכערע ווידזשעס. פארקערט, גיכער קען מען אָננעמען, אז די מאנופעקטשורערס פון דער אינדאָסטריעל באָארד האָבען נאָך א קאפּעטשקע איבערטריבען.

די עקאָנאָמיסטען האָבען אויסגערעכענט, אז אין די יארען פון 1934-1935, זיינען פאראנען זעכצען מיליאָן ארבייטער, וואס פארדינען נאָך ווייניגער ווי טויזענט דאָלער א יאָר (ארום 20 דאָלער א וואָך). ווען מען רעכענט, אז אן ארבייטער פאמיליע באשטייט פון פיר פערזאָן מיינט עס, אָרום א העלפט פון דער גאנצער אָמעריקאנער ארבעטערשאפט וואס האָבען דאָס גליק צו ארבעטען, פארדינען קוים א העלפט פון די שכירות, וואס זיינען נויטיג צו מאכען א לעבען און זיינען געצוואונגען צו לעבען אין גרויס אָרימקייט און נויט.

דר. ראָבערט קעלסאָ זאָגט, אז א לעבן אין אָרימקייט און נויט מיינט, אז דער מענש געפינט זיך אין אזעלכע לעבענסבאַדינגונגען — צוליב דעם וואס ער האָט ניט די מעגליכקייט צו מאכען א לעבען פאר זיך און זיין פאמיליע — אז ער פארלירט דעם זעלבסטרעספעקט און ווערט פיזיש און מאָראַליש ארויסגעשטויסען פון אלע פונקציעס פון דעם ארומיגען לעבען און געזעלשאפט. (זעה „פּאָווערטי", פון דר. ר. קעלסא, זייט 21).

די רעזולטאַטן פון אָרימקייט און נויט.

וואס גרעסער עס איז די אָרימקייט און נויט, אלץ מער בושעווען פילע קראנקהייטען און עס פארמערט זיך די צאָל טויטענפאלען. די סטאטיסטיק באווייזט, אז צוויי און א פערטעל מיליאָן אמעריקאנער ארבייטער זיינען אין דער לעצטער צייט געווארען אזוי קראנק, אז זיי זיינען געווארען אין פולען זין פון וואָרט אומפייאיג צו מאכען א לעבען פאר זיך און זייערע פאמיליעס. (זעה „אינפאָרמיישאָן סוירוויס, פעדעראל קאונסילס אָוו טשוירטשעס", יאנואר 10, 1931).

יעדעס יאָר ווערען קראנק אין אמעריקע זיבען הונדערט טויזענט מענשען אויף מאלעריע און טובערקולאָז, א מיליאָן מענשען גייען ארום זייענדיג קראנק אויף דייאַבי-

*) זעה „דהי נעישאָנעל אינקאָם ענד איטס פּוירטשעסינג פּאַור", דר. קינג, זייט 144.

טיס (צוקער קראנקהייט), פון פופציג ביז זעכציג פראצענט פון דער גאנצער אמעריקאנער באפעלקערונג ליידען פון ציין־קראַנקהייטען, וועלכע מען קען אויסהיילען. עס געפינען זיך איצט אין אמעריקע נאָהענט פון דריי הונדערט און פופציג טויזענט קינדער, וואס זיינען האלבע אדער גאנצע קריפּעלס, אלס א רעזולטאַט פון ריקעטס (די ענגלישע קרענק), ווייל זיי קריגען ניט די נויטיגע נאהרונג און דעם וויטאמין „די". (זעה „סאָם ריסענט מאָרבידיטי דאטאַ", פון ל. סטעקער, מעטראָפּאָליטאן לייף אינשורענס קאָמפּאניע, זייש 26).

אין דעם באריכט פון דער אינזשינערן קאָמיסיע, וואס דער געוועזענער פרעזידענט הוואווער האָט באשטימט אויסצופארשען דעם עקאָנאָמישען צושטאנד פון לאנד, ווערט געזאָגט, אז פון דעם האלבען מיליאָן ארבייטער וואס שטאַרבען יעדעס יאר אין אמעריקע, קען אמווייניגסטען א העלפט פון דער צאָל בלייבען לעבען ווען זיי וואָלטען געקראָגען די נויטיגע מעדיצינישע הילף. (זעה „סיקנעס", פון דר. יודזשין ל. פיסק).

אין דעם באריכט פון „פּאָבליק העלטה דעפּארטמענט", וואו די באקאנטע מעדיקער זינדערשטריקער און קינג האָבען געמאכט א גרינדליכע אויספארשונג וועגען דעם געזונט־צושטאנד פון דער אמעריקאנער באפעלקערונג, ווערט געזאָגט, אז צווישען די פאמיליעס פון די טעקסטיל ארבייטער אין סאוט קאראָליינא איז די צאָל קראנקע ביי די שלעכט באצאָלטע ארבייטער זיבעציג פּער טויזענט און די ארבעטער וועלכע קריגען בעסער באצאָלט, בלויז נייכצען פון טויזענט. (זעה עדגאר זינדערשטריקער ענד וו. י. קינג „פּאָבליק העלטה רעפּאָרט", נומער 48).

אין פשוט'ע ווערטער מיינט עס: אויב דער ארבייטער קריגט ווידזשעס אויף צו מאכען א לעבען, קען ער זיך און די פאמיליע דערנערען בעסער, וואוינען אין א באקוועמערע וואוינונג, וואו עס איז פאראנען לופט און זון־שיין און זיי זיינען נישט אויסגעזעצט צו אלערליי קראנקהייטען, אויב אבער דער ארבייטער קריגט קלאָגעדיגע ווידזשעס און מוז וואוינען אין די אלטע חורבות (סלאָמס), קען ניט קויפען די נויטיגע שפּייז, וואס איז נויטיג אויפצוהאלטען דעם קערפּער אין א פיזישען גוטען צושטאנד, איז ער מיט זיין פאמיליע אין געפאר צו כלערליי קראנקהייטען און פארשניטענע יארען.

א באזונדערע ווירקונג האָבען די ווידזשעס אויף די ארבייטער קינדער. די אויספאָרשונג וואס די „יונייטעד סטייטס טשילדרען ביורא" האָט ניט לאנג דורכגעפירט, האָט גאנץ קלאָר ארויסגעבראכט, אז די קינדער פון א פאמיליע וואס האָבען ניט גענוג איינקופט צו מאכען א לעבען, האָבען פיל ווייניגער אויסזיכטען צו לעבען און אנטוויקלען זיך, ווי די פאמיליעס וואס מאכען אן אנשטענדיג לעבען.

אין ניו־בעדפאָרד, מאסאטשוזעטס, האָט מען אויסגעפונען, צום ביישפּיל, אז צווישען די ארימע פאמיליעס וואס פארדינען ארום 450 דאָלער א יאר (ארום 9 דאָלער א וואך) איז פון יעדע הונדערט קינדער שטאַרבען צוואנציג איידער זיי ווערען א יאר אלט. די ארבייטער אָבער, וואס פארדינען שוין פון 1,250 ביז 2,000 דאָלער א יאר, איז ביי זיי שטאַרבען בלויז זעקס פון יעדע הונדערט איידער זיי ווערען א יאר אלט. (זעה „אינפענט מאָרטאַליטי", סעריעס נומער 10, יונייטעד סטייטס דעפּארטמענט אָוו לייבאָר, טשילדרענס ביוראָ, זייט 38).

די ביורא פון „קינדער היגיעניע" האָט ניט לאנג דורכגעפירט אן אונטערזוכונג אין ניו יארק, און איז געקומען צום באשלוס, אז צוויי הונדערט און זעכצען טויזענט פון דעם מיליאָן שול קינדער, קריגען אינגאנצען ניט די נויטיגע שפּייז, וואס איז נויטיג פאר זייער אנטוויקלונג און העכער פון זעקס הונדערט טויזענט קינדער קריגען אהעלפט פון די נויטיגע שפּייז. עס ווערט געשאצט, אז ניט ווייניגער ווי פינף מיליאָן קינדער איבער'ן גאנצען לאנד ליידען איצט פון אונטער־נארונג. (זעה „פּובליקיישאָן אָוו דהי יונייטעד סטייטס טשילדרענס ביורא", נומער 59, זייט 6-7).

אָט דאָס איז דער רעזולטאַט פון דעם, וואס דער ארבייטער פארדינט קליינע ווידזשעס און קען ניט מאכען קיין אנשטענדיג לעבען.

# מאכען די ארבייטער אין אמעריקע איצט א לעבען?

## פון א. יאזעפסאן.

די הינגע בורזשואזיע־עקאנאמיסטען און פאליטישענס האלטען אין איין באריטען זיך, אז אין אמעריקע עקזיסטירט א העכערער לעבענס־ניווא („סטאנדארד אוו ליווינג") ווי אין די איבעריגע לענדער פון דער וועלט, אז די ברייטע פאלקסמאסען פון אמעריקע מאכען אן אנשטענדיגען לעבען און געניסען אויך, הייסט עס, פון די פילע נאטירליכע רייכטימער און שפע, וואס אונזער לאנד פארמאגט.

נו, געוויס, קיינער וועט ניט לייקענען, אז א היבשער טייל פון אונזער באפעלקערונג, וואס באשטייט פון פאבריקאנטען, שפעקולאנטען, באנקירן, ריעל עסטייטניקעס, פראצענטניקעס און פאליטישענס האבען אזוינע ריזיגע איינקונפטען אז זיי האבען די מעגליכקייט ניט נאר צו מאכען א לעבען, נאר זיי קענען זיך נישט קיין עצה געבען מיט די גרויסע סומען געלטער וואס קייקלען זיך צו זייערע קעשענעס. אבער פאר דעמדאזיגען טייל פון דער באפעלקערונג זארגען מיר זיך זעהר ווייניג. אונז אינטערעסירט איבערהויפט צי די גרויסע מעהרהייט פון דער הינער באפעלקערונג, וואס ארבעטען מיט די הענט און מוחות, וואס שאפען דאס רייכטום און קאמפארט פון אונזער לאנד, וואס זיינען די בויער פון אונזער מאטעריעלער און גייסטיגער קולטור, צי זיי פארדינען גענוג אויף צו מאכען אן אנשטענדיג לעבען?

אויף דער דאזיגער פראגע האט געפרואווט געבען אן ענטפער, סיי די סטאטיסטישע ביורא פון דעם לייבאר דעפארטמענט אין וואשינגטאן, סיי די עקאנאמיסטען, וואס פארנעמען זיך מיט געזעלשאפטליכער פארשונג („סאשעל ריסוירטש").

נאר פריער פון אלץ דארף פאר אונז קלאר ווערען, וואס מיינט איינענטליך אן אנשטענדיג לעבען? וויפיל דארף אן ארבייטער פארדינען א גאנץ יאר, כדי צו קענען שפייזען א פאמיליע פון פיר פערזאן (מאן, פרוי און צוויי קינדער), און נישט דארפען אנקומען צו טשאריטי?

לויט אן אויספארשונג, וואס עס האבען געמאכט די געזעלשאפטליכע טוער פון שיקאגא אין יאר 1925, איז פעסטגעשטעלט געווארען, אז אן ארבייטער פאמיליע וואס באשטייט פון פיר פערזאן דארף האבען די פאלגענדע סומע אויף דורכצולעבען זיך:

| | יערליך | וועכענטליך |
|---|---|---|
| שפייז — — — — — — — — — | $648.00 | $12.46 |
| קליידער, וועש, הויזארטיקלען — | 274.84 | 5.24 |
| געז און עלעקטריק — — — — | 114.00 | 2.20 |
| מעבעל און הויז־געשיר — — | 84.00 | 1.61 |
| קאר־פעיר — — — — — — | 56.00 | 1.08 |
| דאקטוירים, דענטיסטען, מעדיצין — | 84.00 | 1.61 |
| אינשורענס און סייווינגס — — | 120.00 | 2.30 |
| צייטונגען, זשורנאלען, ביכער — | 36.00 | .70 |
| טעאטער און מואווינג פיקטשורס, | 48.00 | .92 |
| דיוס צו א יוניאן און אנדערע קול־טור ארגאניזאציעס — — — | 36.00 | .70 |
| אנדערע קליינינקייטען — — — — | 48.00 | .92 |
| רענט — — — — — — — — — | 400.00 | 8.00 |
| צוזאמען — — — — — — | $1,948.88 | $37.78 |

דאס מיינט, אז אן ארבייטער אין שיקאגא דארף פארדינען אמווייניגסטענס א סומע פון ניינצען הונדערט און פערציג דאלער מיט אכציג סענט א יאר (ארום 37 דאלער מיט 78 סענט א וואך) אויף א דורכצולעבען זיך.*)

אין יאר 1926 האט די נאציאנאלע אינדוסטריעל באארד אויף א קאנפערענץ באריכטעט, אז לויט אן אויספארשונג וואס זיי האבען געמאכט, דארף אן ארבייטער פאמיליע פון 4 פערזאן האבען אן איינקונפט נישט ווייניקער ווי 1,907 דאלער א יאר, כדי ווי עס איז דורכצולעבען זיך אין ניו יארק.

*) זעה „דהי שיקאגאר סטאנדארד בודזשעט פאר דעפענדענט פאמיליעס", בולעטין נומער 5, זיים 1925.

דערביי דארף מען ניט פארגעסען, אז די נאציאנאלע אינדוסטריעל באארד איז א קערפערשאפט וואס באשטייט פון די קאפיטאנען פון דער אינדוסטריע און גרויסע ביזנעסלייט, און אין זייער בודזשעט פון 1907 דאלער א יאר האבען זיי באשטימט, אז די ארבייטער פאמיליע דארף מער נישט אויסגעבען ווי אכטצען דאלער א יאר (ארום פערציג סענט א וואך) אויף צייטונגען, זשורנאלען, סטיישאנערי, טעלעפאן, סטעמפס און אנדערע קליינינקייטען. אין זייער בודזשעט גייט אויך נישט אריין קיין איין סענט אויף אפצושפארען אין פאל פון א קראנקהייט, ארבייטסלאזיגקייט, אויף בילדונג פאר די קינדער א. ד. גל.

אין די יארן 1921־1922 האט דער „יונייטעד סטייטס דעפארטמענט אוו לייבאר" אויסגעארבייט א בודזשעט פאר אן ארבייטער פאמיליע, וואס וועט פון דער ביורא אליין באצייכענט „אלס דער מינימאלסטער וואס עס איז נויטיג פאר אן פאמיליע פון פיר פערזאן כדי אויפצוהאלטען זייער געזונט און אנשטענדיגקייט".

דער בודזשעט פון דעם לייבאר דעפארטמענט איז ווייט פון צו זיין א אידעאלער, ווייל עס ווערט געזאגט אויסדריקליך, „אז דער דאזיקער בודזשעט איז אויסען פעסטצושטעלען, אויב אן ארבייטער פאמיליע האט נישט די מעגליכקייט אויסצוגעבען די סומע געלט וואס מיר האבען אנגעמערקט, איז דער צושטאנד פון דער פאמיליע אין געפאר צו פיזישען און מאראלישען אונטערגאנג." דער בודזשעט שליסט נישט איין קיין שום קאמפארט און פארגעניגענס, וואס עס איז נויטיג לויט דעם אמעריקאנעם לעבענס־סטאנדארט. דער בודזשעט איז אויסגערעכענט אויף צען שטעדט פון לאנד און לויט זייער בודזשעט קומט אויס, אז אן ארבייטער דארף פארדינען נישט ווייניגער ווי צוויי טויזענט דאלער (ארום פערציג דאלער א וואך) ביז צוויי טויזענט פינף הונדערט דאלער (ארום פופציג דאלער א וואך) א יאר.*)

אין יוני, 1929, האט די לייבאר ביורא געמאכט, אן אויספארשונג וועגען די פרייזען פון די נויטיגע לעבענס־מיטלען אין פילע שטאטען פון לאנד און איז געקומען צום באשלוס, אז עס איז נויטיק פאר אן ארבייטער אין ניו יארק צו פארדינען א מינימום פון צוויי טויזענט הונדערט און זעכציג דאלער א יאר (ארום 43 דאלער א וואך), כדי צו מאכען א לעבען.

אט איז דער חשבון:

שפייז — 699 דאלער א יאר; קליידער — 237 דאלער א יאר; רענט — 477 דאלער א יאר; געז און עלעקטריק — 81 דאלער א יאר; הויז־ארטיקלען — 34 דאלער א יאר; און 660 דאלער א יאר דארף קאסטען, דאקטוירים, דענטיסטען, מעדיצינען, קאר־פעיר, צייטונגען, פארווילונגען, דיוס צו דער יוניאן און אנדערע געזעלשאפטען, וועש, סטיישאנערי און אנדערע קליינינקייטען.

לויט דעם באריכט פון דער לייבאר ביורא איז יעדער איינער וואס פארדינט ווייניגער פון צוויי טויזענט און פינף און פופציג דאלער א יאר קען נישט אריינגערעכענט ווערען צו דער קאטעגאריע וואס מאכען א „ליווינג וויידזש", נאר ווערען פאררעכענט צו דער קאטעגאריע וואס קריגען א הונגער־לוין (זעה „פעקטס פאר לייבאר", סעפטעמבער, 1929).

### וויפיל פארדינען די ארבעטער אין אמעריקע?

ווי מיר האבען פריער אנגעוויזען, האט סיי דער יונייטעד סטייטס דעפארטמענט אוו לייבאר, סיי די געזעלשאפטליכע טוער פעסטגעשטעלט, אז אן ארבייטערפאמיליע דארף האבען אן איינקונפט ניט ווייניגער ווי צוויי טויזענד דאלער א יאר כדי צו מאכען א לעבען. נו, שטעלט זיך די פראגע: פארדינען טאקע די אמעריקאנער ארביי־

*) זעה „קוואנטיטי ענד קאסט בודזשעט נעסעסערי טו מעינטעין א פעמעלי", יונייטעד סטייטס ביורא אוו לייבאר סטאטיסטיקס, וואשינגטאן, ד. ס.

# אין דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבייטער באַוועגונג

פון פ. דעמביצער.

דער רעזולטאַט פון די וואַהלען אין פראַנקרייך און דער איבערראַשענדער זיג פון פאָלקס־פראָנט האָט קודם כל פעסטגעשטעלט אַז די איינינקייט פון אַרבייטער קלאַס איז אַ טייערער פאַרמעגען און אַ גלענצענדער מיטעל אין קאַמף קעגען פאַשיזם און רעאַקציע. עס איז אַן אומבאַשטרייטבאַרער פאַקט, אַז פון די לעצטע וואַהלען האָבען געוואונען ביידע אַרבייטער פאַרטייען, די קאָמוניסטען און די סאָציאַליסטען. בלויז שמאָלקעפּיגע פאַרטיי פראַקציאָנערען וועלען זיך רייסען ביי די האָר ווער עס האָט מעהר געוואונען — די סאָציאַליסטען צי די קאָמוניסטען? דער וואָס שטעלט אָבער דעם אַרבייטער קלאַס און די אַרבייטער באַוועגונג העכער ווי די פראַקציאָנעלע פאַרטיי אינטערעסען, אינטערעסירט זיך הויפּטזעכליך דערמיט, וואָס דער גאַנצער אַרבייטער קלאַס האָט אָפּגעהאַלטען אַ נצחון.

די פראַנצויזישע וואַהלען האָבען אָבער אויך אַ ריזיגע באַדייטונג דערפאַר וואָס צום ערשטען מאָל אין דער געשיכטע פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג האָט די סאָציאַליסטישע פאַרטיי געוואונען אַ באָדען צווישען דעם מיטעל קלאַס און געוואונען דאָרט אַ גרויסע צאָהל שטימען. די באַדייטונג פון אָט דער ערשיינונג איז באַזונדערס וויכטיג, וואָס דעם איינפלוס אויף די שיכטען פון מיטלקלאַס האָבען געוואונען די רעוואָלוציאָנערע סאָציאַליסטען פון לעאָן בלום'ס חדר, וואָס זיינען געווען געגען אָנטיילנאַמע אין אַ בורזשואַזער רעגירונג — און ניט יענע אויסגעשפּראָכענע רעכטע סאָציאַליסטען, וועלכע האָבען זיך אָפּגעריסען פון דער פאַראייניגטער סאָציאַליסטישער פאַרטיי. די דאָזיגע סאָציאַליסטען זיינען צעריבען געוואָרען אין די לעצטע וואַהלען און שפּילען קיין שום ראָליע ניט מער אין איצטיגען פראַנקרייך. צום ערשטען מאָל אין דער געשיכטע זינט דעם אויפשטייג פון פאַשיזם איז אַ סאָציאַליסטישער פאַרטיי געלונגען צו געווינען דעם פאַרטרויען און דעם צוגאַנג צו דעם מיטעלקלאַס. אין אָט דער ערשיינונג ליגט די טיפסטע באַדייטונג פון אַרבייטער זיג ביי די לעצטע וואַהלען אין פראַנקרייך. דער סאָציאַליזם האָט געוואונען אַ באָדען, אויף וועלכען ער וועט קענען מיט ערפאָלג שלאָגען און פאַרניכטען דעם טיפען וואָרצעל פון פאַשיזם.

די סאָציאַליסטען האָבען אַלעמאָל פאַרשטאַנען די וויכטיגקייט און די נויטווענדיגקייט איבערצוגעווינען דעם מיטלקלאַס אויף זייער זייט. דאָס איז די הויפּט אויפגאַבע פון די סאָציאַליסטען אין די געזעצגעבענדע אַנשטאַלטען. עס איז זייער פליכט און אויפגאַבע צו באַווייזען די דאָזיגע שיכטען אַז סאָציאַליזם מיינט ניט זייער פאַרניכטונג, נאָר גראָד פאַרקערט — זייער באַפרייאונג פון יאָך אונטער דער ממשלה פון גרויס קאַפּיטאַל. צום גרויסען באַדויערען האָבען די סאָציאַליסטען ניט געקענט פאַרווירקליכען זייער אויפגאַבע, ווייל די אַלטע קאָמוניסטישע ליניע — דער מלחמה און נאָך־מלחמה קאָמוניזם האָט מיט זיין טאַקטיק אָפּגעשראָקען און אָפּגעשטויסען דעם מיטלקלאַס פון סאָציאַליזם. וואָרים מען טאָר ניט פאַרגעסען, דאָס די קאַפּיטאַליסטישע רעאַקציע האָט אַלעמאָל געזוכט צו אידענטיפיצירען דעם סאָציאַליזם מיט דער קאָמוניסטישער פאַרטיי. זי האָט געזוכט דעם סאָציאַליזם צו פאַרמיאוסען דורך דער ווילדער טאַקטיק פון די קאָמוניסטען און אפילו נאָך היינט צו טאָג מוזען די סאָציאַליסטען צאָהלען פאַר די זינד פון דער אַלטער ליניע פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי.

די נייע קאָמוניסטישע ליניע און זייער פאָלקס־פראָנט פּאָליטיק האָט צום ערשטען מאָל זינט נאָך דער וועלט־מלחמה ווידער געשאַפען באַדינגונגען, ווען דער אַרבייטער קלאַס זאָל האָבען אַ געלעגענהייט צו ריידען צו דעם פאַראָרימטען קליינבירגערטום, און די ערשטע געלעגענהייט ערצו האָט געבראַכט דעם געוואונשטען רעזולטאַט פון אַ זיג דורכ'ן פאַראייניגטען פראָנט פון אַלע דעמאָקראַטישע פאָלקס־כחות צום קאַמף מיט דער קאַפּיטאַליסטישער און פאַשיסטישער רעאַקציע.

דער זיג פון פאָלקס־פראָנט האָט אויף דער סאָציאַליסטישער פאַרטיי אַרויפגעלייגט קאָלאָסאַלע פליכטען. ערוויילענדיג די גרעסטע צאָהל דעפּוטאַטען צו דער פראַנצויזישער קאַמער, איז זי אָנפאַרטרויט געוואָרען מיט דער בילדונג פון דער רעגירונג. איהר פאַראַנטוואָרטליכקייט איז געוואָרען נאָך גרעסער, נאָכדעם ווי די קאָמוניסטען האָבען זיך אָפּגעזאָגט מיטצוטראָגען די פאַראַנטוואָרטליכקייט פאַר דער נייער רעגירונג פון פאָלקס־פראָנט.

די דאָזיגע לאַגע האָט ריכטיג כאַראַקטעריזירט דער אַלטער רעוואָלוציאָנערער קעמפער בראַקע, ווען ער האָט אויף דעם פאַרטיי־ראַט פון די פראַנצויזישע סאָציאַליסטען אויסגערופען: איצט פאַנגען זיך פאַר אונז אָן די שוועריגקייטען. די סאָציאַליסטען האָבען, אין געגענזאַץ צו די קאָמוניסטען, זיך ניט געשראָקען פאַר די שוועריגקייטען. זיי האָבען אויף זיך גענומען די פאַראַנטוואָרטליכקייט און זייער לאָזונג איז געוואָרען: וואַגען!

לעאָן בלום, דער גרויסער תלמיד פון גרויסען זשאָרעס, איז געוואָרען דער טרעגער פון דער סאָציאַליסטישער געוואַגטקייט. פונקט אַזוי ווי זשאָרעס' איז אויך זיין גייסט צו גרויס זיך צו באַוועגען אין די ראַמען פון פראַקציאָנעלע גרעניצען. פונקט אַזוי ווי אַלע גרויסע גייסטער אין וועלט־סאָציאַליזם איז ער געשטאַנען אין צענטער פון דער סאָציאַליסטישער פאַרטיי, אָפּהיטענדיג איהרע דעמאָקראַטישע פּרינציפּען און רעוואָלוציאָנערע טראַדיציעס. ער איז געוואָרען דער סינטעז, די פאַרבינדונג צווישען דער געזעצגעבענדער טריבונע און דער מאַסען־אַקציע פון פראַנצויזישען אַרבייטער קלאַס אין שאַפּ און גאַס.

ביי די ברעגען פון טיך ריין איז די פאַשיסטישע כוואַליע מיט צוויי יאָר צוריק — ווען דער פאָלקס־פראָנט איז געגרינדעט געוואָרען — אָפּגעשטעלט געוואָרען. פון דייטשלאַנד, וואו עס האָט אַמאָל געקעניגט די גרויסע דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, איז געקומען היטלער'ס גיפטיגע פאַשיסטען באַוועגונג מיט איר געוואַגטקייט, אַ זאַך וואָס עס האָט דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אינגאַנצען געפעלט. לעאָן בלום האָט עטוואָס געלערנט פון אָט די ערפאַרונגען און ער האָט די פאַשיסטען אַרויסגענומען די געוואַגטקייט פון דער האַנט. גלייך ווי ער איז אַריין אין דער רעגירונג, האָט ער געשיקט צום טייוועל דעם רעאַקציאָנערען פּאָליציי־פּרעזידענט פון פּאַריז. ער האָט אָפּגעזאָגט דעם קאָנסערוואַטיווען גאָוווערנאָר פון דער נאַציאָנאַל באַנק, וואָס געפינט זיך אין די הענט פון צוויי הונדערט פראַנצויזישע מיליאָנערען, וועלכע האָבען אין פראַנקרייך ביז איצט רעגירט אין דער ווירקליכקייט. ער האָט דאָרט אַוועקגעשטעלט אַ מענשען פון פאָלקס־פראָנט. דאָס קריגס־מיניסטעריום האָט ער באַפרייט פון די גענעראַלען און עס איבערגעגעבען אין ציווילע הענט. גלייך אין ערשטען טאָג פון דער רעגירונג, האָט ער געצייגט סאָציאַליסטישע געוואַגטקייט. דאָס פאָלק האָט צום ערשטען מאָל דערזעהן אַז דאָס איז ניט קיין געוויינליכער רעגירונגס־וועקסעל וואָס קומט אַזוי אָפט אין פראַנקרייך, נאָר אַ רעגירונג וואָס פאַרנעמט זיך צו ענדערען אַ גאַנצען סיסטעם. צו דער גרויסער ליבע וואָס בלום באַזיצט צווישען די פראַנצויזישע אַרבייטער האָט ער איבערנאַכט אויך געוואונען דעם רעספּעקט פון דער עפענטליכער מיינונג אין פראַנקרייך און אין אויסלאַנד.

געוואַגטקייט, מאַכט, האַנדלונג אימפּאָנירט!

ווען בלום איז געגאַנגען אין עליזעאום צום פּרעזידענט פון דער פראַנצויזישער רעפּובליק, כדי אים צו מעלדען די אָרגאַניזירונג פון דעם ערשטען מיניסטאָרען קאַבינעט

נחום יוד.

# אברהם רייזען

אַ גרויסער יום טוב, זאָגסטו דו, איז דאָס לעבן
און יעדער טאָג איז אַ געשאַנק פון גאָט.
איך גלויב דיר: דו וועבסט־איין אין יעדן טראָט
די גרויסע יום טוב׳דיקייט פון דיין לעבן.

די שמייכעלסט אויך דורך טונקעלע געוועבען,
ווייל פרייד און גליק איז שטענדיג דיין געבאָט!
אַ גרויסער יום טוב, זאָגסטו דו איז דאָס לעבען,
און יעדער טאָג איז אַ געשאַנק פון גאָט.

## די אויפגעקלערטע הון.

(פאַבעל)

אַ הון האָט, וויא די שטייגער איז, געלייגט אַן איי.
געוויינליך, האָט זי אויפגעהויבען אַ געשריי
און האָט דער וועלט געלאָזען הערען.
אַז קיינער שאַצט ניט אָפּ איר ווערט
און אַז קיין יושר איז ניטאָ גאָר אויף דער ערד...
מען זאָל זיך נאָר באַקלערען,
צי בלויז אַ טראַכט טאָן נאָר:
זי לייגט זיך דאָך אַ קיילעכדיקען יאָר,
און אייער — איינע פון דער צווייטער גרעסער, —
זי מאַכט דאָך רייך דעם באַלעבאָס!
צום סוף — איז וואָס?
באַהאַנדעלט מען זי אויף אַ האָר ניט בעסער
פון אַלע איבעריגע פּראָסטע פרעסער,
וואָס לייגען זעלטען אייער — און בלאָזען זיך אומזיסט...
און ווען די וועלט וואָלט כאָטש אַ ברעקעל יושר האָבען,
וואָלט מען איר ניט דערלויבען גריבלען זיך אין מיסט,
אַ קערענדעל דאָרט אויסצוגראָבען, —
נאָר טאַקע אויפבויען, פאַר איר אַליין דורכאויס,
אַ נייע, גרוימע הויז,
דעם עסען מיט אַ פולער האַנט דערלאַנגען,
און נאָכגעגעבען איר אַלע מינדעסטע פארלאַנגען!
הכלל, פון אירע רייד, ווייזט אויס,
האָט זיך די הון אַליין אַלץ מער און מער דערוואַרעמט,
און העכער אַלץ געטומעלט און געליאַרעמט.
דער פויער אָבער, ס׳הייסט איר באַלעבאָס,
איז רוהיג זיך אין שטוב געזעסען.
ער האָט אַ פּיינקוכען געגעסען,
און האָט פון אירע טענות ווייניג־וואָס געהאַט יסורים...
(צי ניט פאַרשטאַנען האָט ער גאָר דער הונ׳ס דיבורים,
צי ניט געוואָלט פאַרשטיין, —
דאָס ווייס איך ניט אַליין,
און אויך ניט דאָס בין איך אויסען).
נאָר ווען אים האָט דערעסען דאָס געשריי אין דרויסען,
האָט ער אַ הויפען שפּייז אַ שאָט־געטאָן אין הויף...
אין גרויסען אנגעלויף
וואַס דאָרטען איז געוואָרען,
האָט נעבאַך אונזער הון איר מוט פאַרלאָרען
און אויך געלאָזט זיך נאָך אַ ברעקעל צו אַ גערשט, —
פאַרגעסענדיג די אומרעכטן וואָס ווערען קעגען איר באַגאַנגען,
און אויך פון דעם וואָס זי האָט ערשט
געהאַט פיל העכערע פאַרלאַנגען...

---

אין לעבען, ווי עס ווייזט מיר אויס,
איז שוין דער ביישפּיל ניט קיין נייער, —
דער ווייטאג אָבער און די שאַנד איז שטענדיג גרויס,
ווען פאַר אַביסעל ברעקלעך בלויז
אַנטשוויגען ווערן אָפּט די גרעסטע שרייער.

פאָרמעלע באַדייטונג דערמיט וואָס די סאָציאַליסטישע פאַרטיי איז האַדורך געוואָרען די גרעסטע פאַרטיי אין פּאַרלאַמענט און האָט באַקומען אַ רעכט אויף אַ מאַיאָריטעט אין דער קאָאַליציע רעגירונג און דאָס רעכט צו בילדען דעם מיניסטעריום.

וואַנדערוועלדע, דער פיהרער פון די בעלגישע סאָציאַליסטען, איז טאַקע פון קעניג אָנפאַרטרויט געוואָרען מיט דער בילדונג פון מיניסטעריום. אָבער דאָ האָט זיך גלייך אַרויסגעשטעלט די טראַגישע לאַגע פון די בעלגישע סאָציאַליסטען. אין פראַנקרייך שטיצט זיך די סאָציאַליסטישע רעגירונג אויף אַ מאַיאָריטעט וואָס האָט געפיהרט אַ געמיינזאַמען וואַהל־קאַמף אויף אַ בשותפות'דיגער פלאַטפאָרמע, בעת אין בעלגיע זיינען די סאָציאַליסטען אָפּהענגיג פון אַ קאָאַליציע מיט בירגערליכע פאַרטייען, וועלכע פאַרלאַנגען אַזעלכע הויכע פרייזען פאַר זייער באַטייליגונג אין אַ רעגירונג מיט אַ סאָציאַליסטישען פרעמיער, אַז עס איז פאַר וואַנדערוועלדען אוממעגלאַך געווען צו בילדען אַ רעגירונג אונטער זיין פרעמיערשאַפט. דער פריהערדיגער פרעמיער וואַן זילאַנד, דער פיהרער פון דער קאַטוילישער פאַרטיי, וועלכער איז אַ „ניו דילער", שטעהט אויך איצט אָן דער שפּיץ פון דער רעגירונג. ניט מעהר, ער מוז רעגירען מיט אַ סאָציאַליסטישער מערהייט. איז טאַקע צרות, וואָרום אי אים אי די סאָציאַליסטען איז ניט מסנא צו זיין. אונטער דעם איינפלוס פון דער סטיכישער סטרייק באַוועגונג אין פראַנקרייך, איז אויך אַנטשטאַנען אַזאַ באַוועגונג אין בעלגיע. עס האָט זיך אָנגעפאַנגען מיט די פלעמישע דאָק־אַרבייטער אין אַנטווערפּען און עס האַלט שוין ביי די רעוואָלוציאָנער־געשטימטע וואַלאָנישע אַרבייטער אין די קוילען גריבער.

אין בעלגיע האָט אָבער די רעגירונג ניט קיין געמיינזאַמען פּראָגראַם, ווי עס האָט די פאָלקס־רעגירונג אין פראַנקרייך. עס איז אַ קאָמפּראָמיס רעגירונג, וואָס לעבט מיט אונזיכערקייט אויף דעם גרונד פון קאָאַלירטע קאָמבינאַציעס און די קאָאַלירטע רעגירונג האָט זיך ניט גערעכנט אויף דעם צופאַל פון אַזאַ ריזיגער סטרייק־באַוועגונג.

וואַן זעלאַנד, דער קאַטוילישער פרעמיער פון די בעלגישע קאַפּיטאַליסטן, איז ניט דער סאָציאַליסט בלום און ער ערלויבט ניט צו באַזעצען די פעקטאָרים און די קוילען־גרובען. אין אַנדערע צייטען וואָלט ער אפשר פאַראורזאַכט אַ בלוט־באָד. לאָזען אים אָבער ניט די סאָציאַליסטען. זיי האַלטען אים ביי דער האַנד און פיס און לאָזען אים קיין שריט טאָן וואָס זאָל צו שטאַרק אויפרעגען די אַרבייטער.



אַגב שטייען אין בעלגיע די טרייד יוניאַניסטען פונקט אַזוי ווי אין פראַנקרייך הינטער די סטרייקער. איך האָב שוין מיט חדשים צוריק אָנגעוויזען די לעזער פון דער „גערעכטיגקייט" אויף די טענות און תרעומות, וואָס די בעלגישע טרייד יוניאָניסטען האָבען קעגען די סאָציאַליסטען פאַר זייער צו ווייכער באַציאונג צו דער קאָאַליציע־רעגירונג ווען עס האַנדעלט זיך ווענגען שאַפען געזעצען וואָס זאָלען שיצען די עקאָנאָמישע אינטערעסען פון די אַרבייטער.

די טרייד יוניאָנס זיינען היינט צו טאָג איבעראַל אַ רעוואָלוציאָנערער כח, וואָס לאָזט זיך ניט פאַרטרייסטען מיט צוקונפטס מוזיק. אויב ער האָט פאַרטרעטער אין דער רעגירונג וויל דער טרייד־יוניאָניסט דאָס פיהלען דורך דער פאַרבעסערונג פון זיין עקאָנאָמישע לאַגע. פאַר פאַראַדען דאַרף ער קיינע מיניסטאָרען ניט און ער וויל ניט אַז די סאָציאַליסטען פאַרשווייגען און פאַרקוקען די עקאָנאָמישע אינטערעסען פון די אַרבייטער צוליב פּאָליטישע ערפאָלגען. פרייהייט איז טאַקע נויטיג פאַר דער אַרבייטער באַוועגונג ווי לופט צום אָטעמען. מען קען אָבער פרייהייט ניט באַנוצען אַלס ברויט פאַר דעם הונגעריגען מאָגען, און דער בעלגישער אַרבייטער שרייט אַז צו פרייהייט מוז ער אויך האָבען ברויט. און דערפאַר סטרייקט ער. די סאָציאַליסטען אין דער בעלגישער רעגירונג העלפען אים דערצו אַזוי גוט ווי זיי קענען. ליידער קענען זיי עס ניט טאָן אַזוי ווי זיי אַליין וואָלטען עס געוואָלט. דאָס איז זייער טראַגישע לאַגע. דאָרט וואו די אַרבייטער האָבען ניט קיין באָדען צו רעגירען אין די אינטערעסען פון די אַרבייטער, איז אַ סך בעסער ניט צו טראָגען קיין רעגירונגס־פאַראַנטוואָרטליכקייט.

אין דער צייט ווען די דאָזיגע שורות ווערען געשריבען ברענגען די צייטונגען די ידיעה, אַז אונטער דעם דרוק פון מאַסען־סטרייק און איינפלוס פון די סאָציאַליסטישע מיניסטאָרען האָט דער בעלגישער פרעמיער צוגעשטימט, לויט דעם מוסטער פון פראַנקרייך, איינצופיהרען אַ געזעצליכען 40־שטונדיגען אַרבייטס־טאָג און באַצאָהלטע וואַקיישאָנס.

אָהן דער סטרייק־באַוועגונג וואָלט אַזאַ געזעץ איצט ניט אָנגענומען געוואָרען, טראָץ דעם פאַקט וואָס די סאָציאַליסטען האָבען די מאַיאָריטעט פון דער רעגירונג.



דער פאַרלוסט פון 130 טויזענט שטימען און דער זיג פון דער יונגער פאַשיסטישער באַוועגונג איז אַ וואָרנונג פאַר דער בעלגישער אַרבייטער פאַרטיי. שוין אין דער וואַהל־שלאַכט האָבען די פאַשיסטען אַ טאָג פאַר די וואַהלען געוואָגט צו דערמאָרדען 2 בעלגישע סאָציאַליסטישע אַרבייטער אין דער שטאָט אַנטווערפּען. דאָס בלוט פון די סאָציאַליסטישע מאַרטירער האָט פאַראייניגט די אַרבייטער פון אַלע ריכטונגען. סאָציאַליסטען און קאָמוניסטען זיינען אָפיציעל געגאַנגען צוזאַמען אין טרויער־צוג און האָבען געשוואָרען צו נעמען נקמה אָן די פאַשיסטישע מערדער. דער פאָלקס־פראָנט איז איצט אויך אויף דער טאָג־אָרדנונג פון בעלגישען אַרבייטער־קלאַס.



דעם 4טען יוני איז אין גענף פאַרגעקומען די 20טע סעסיע פון צווישען־פעלקערליכען אַרבייטס־אַמט.

דער דירעקטאָר פון ביוראָ, באַטלער, האָט צו דער זיצונג צוגעגרייט אַ באַריכט, וואָס פאַרנעמט זיך זעהר פיל מיט די דערגרייכונגען פון ראַטען־פאַרבאַנד.

אין'ם באַריכט ווערט באַצייכענט, אַז אין דער צייט ווען די אַלוועלטליכע אינדוסטריעלע פּראָדוקציע צוזאַמענגענומען דערנענטערט זיך ערשט צום ניוואָ פון 1929טען יאָהר, האָט די סאָוועטישע פּראָדוקציע איבערגעשטיגען דעם ניוואָ פון 1929 אויף 300 פּראָצענט. דער באַריכט אילוסטרירט די דאָזיגע פאַרהעלטניש אין אַ ביילאַגע, וואָס אַנטהאַלט 20 טאַבעלען, וועלכע אילוסטרירען די דערפאָלגרייכע בויאונגס־אַרבייט אין ראַטען־פאַרבאַנד.

אָנווייזענדיג אויף דער סטאַכאַנאָווישער באַוועגונג, ווי אויף אַ קוואַל פון העכערען דעם אַרבייטס־לוין און פאַרקלענערען די קאָסטען אין'ם רעזולטאַט פון'ם קאָלאָסאַלען וואוקס פון דער אַרבייט־פּראָדוקטיוויטעט, באַמערקט באַטלער, אַז די פּאָפּולאַריטעט פון דער סטאַכאַנאָווישער באַוועגונג „איז בלויז איינע פון די אַנטפּלעקונגען פון אויפשטייג פון'ם פּאַטריאָטיזם, וועלכער ניט צו אָן אויסשליסליכע קראַפט דער אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג פון ס.ס.ס. ר.". די קאָנקרעטע רעזולטאַטען פון אַלע אָנשטרענגונגען פון ראַטען־פאַרבאַנד „הויבען זיך אָן שטאַרק פיהלען אין'ם אויפשטייג פון'ם לעבענס־ניוואָ"

ברענגענדיג די אַלע מאַטעריאַלען, שרייבט דער באַריכט־אָפּגעבער:

„כדי ריכטיג אָפּצושאַצען די לאַגע אין ראַטען־פאַרבאַנד, דאַרף מען געדענקען קודם־כל, אַז אין ראַטען־פאַרבאַנד איז נישטאָ קיין אַריסטאָקראַטיע, נישט אפילו קיין קלאַס פון פאַרמעגליכער מיטעלער בורזשואַזיע. דאָס איז אַ לאַנד פון אַרבייטער, אָנגעשטעלטע און קאָלווירטניקעס".

אָפּשטעלענדיג זיך אויף דעם פאַמעליכען וואוקס פון דער פּראָדוקציע, וואָס מערקט זיך אין דער מערהייט קאַפּיטאַליסטישע לענדער, זאָגט באַטלער אַרויס די השערה אַז דער דאָזיגער וואוקס באַזירט זיך אין אַ רייע לענדער אויף דער פאַרברייטערונג פון דער מיליטערישער אינדוסטריע. אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם זאָגט דער באַריכט, אַז „דער אינדוסטריעלער אויפבליה, וואָס באַזירט זיך אויף דער צוגרייטונג צו אַ מלחמה, איז נישט בלויז אַ שלעכטער סימן, נאָר ער איז חוץ דעם אויך פאַלש און אילוזאָריש".

מר. באַטלער איז באַשטימט געוואָרען אַלס דירעקטאָר פון אַרבייטס אַמט אין דער צייט ווען דובינסקי איז געווען אַ דעלעגאַט פון דער אַמעריקאַנער רעגירונג.

מיט א סאציאליסטישער מערהייט אין פראנקרייך, האט אים באגלייט דער גייסט פון די פאריזער קאמונארען קרבנות פון 1871 און דאס געוויסען פון דער סטרייקענדער מאסע ארבייטער אין גאס און אין שאפ. די נייע מאכט אין פראנקרייך אין די הענט פון א סאציאלסטשער מאיאריטעט איז באגריסט געווארען מיט א סטיכישען מאסען־סטרייק. דאס האט דאס פראנצויזישע ארבייטער געוויסען סימבאליזירט די נייע הערשאפט אויפ׳ן גרונד פון מאסען אקציע און פארלאמענטארישער גוזעצגעבונג.

דורך דעם שטים־צעטעל האט דאס פאלק אויסגעפלאסטערט דעם וועג צו דער הערשאפט דורך דעם פאלקס־פראנט. דורך דעם מאסען־סטרייק האט דאס פאלק דער נייער רעגירונג געגעבען גלויבען און מוט און וואגעניש דורכצופהרען איהר וואהל־פארשפרעכען.

און לעאן בלום, דער סאציאליסטישער פרעמיער פון פראנקרייך, האט ווידער געזאגט, און דורך דער געזאגטקייט האט ער פאר דער וועלט אנטפלעקט די סאציאליסטישע מאראל און אנטשלאסענקייט פון פאלקס־פראנט. דורך דעם ספאנטאנעם מאסען־סטרייק האט דאס פאלק דער נייער רעגירונג געגעבען גלויבען און מוטה דורכצופיהרען אלע איהרע וואהל פארשפרעכונגען. און בלום האט ווידער געזאגט: ער האט ערקלערט, אז אבוואהל עס איז אומגעזעצליך פון די ארבייטער צו באזעצען די פאבריקען וועט ער די ארבייטער פון דארט מיט געוואלד ניט באזייטיגען.

די ארבייטער, די סטרייקענדע ארבייטער, האבען צום ערשטען מאל דערהערט א רעגירונגס־שטים פון סאציאליסטען, וואס זיינען געקומען ניט בלויז צו שיצען דעם שטאט, נאר אויך צו שטיצען די ארבייטער ווען אפילו אויף דעם חשבון פון די קאפיטאליסטען.

אין דער ערשטער רעגירונגס וואך האט בלום דורכגעפירט א געזעצגעבונג פאר ארבייטער, וואס אנטהאלט א סך א ברייטערען אינהאלט ווי אונזער נ. ר. א. ווען זי האט נאך עקזיסטירט. ער האט דורכגעפירט די 40־שטונדיגע ארבייטס־וואך, צוויי־וואכעדיגע וואקיישאן יעדען יאר מיט באצאהלט, קאלעקטיוו בארגעניגנג אין אלע שעפער פון לאנד וואו עס ארבייטען מעהר ווי צעהן ארבייטער.

זאלען די ארבייטער אין אמעריקא געדענקען אז דאס קען נאר פאסירען אין א לאנד וואו די ארבייטער זיינען ערצויגען געווארען אויפ׳ן באדען פון פאליטישען קלאסען־קאמף און זיינען פאליטיש זעלבסטשטענדיג ארגאניזירט.

❦

דער כח פון פאלקס־פראנט ליגט צום גרעסטען טייל אויך אין דער ערשיינונג וואס די פארטייען פון פאלקס־פראנט זיינען ניט געווען בלויז איניג אין דער וואהל־שלאכט, נאר האלטען זיך אויך צוזאמען נאך דעם וואהל־זיג. דאס איז דער בעסטער באוויז אז דער פאלקס־פראנט האט זיך אזוי איינגעבירגערט אין פראנצויזישען פאלקס־לעבען, אז א לאדע פאליטישער קאפריז וועט אים אזוי לייכט ניט קענען צושטערען.

א צווייטע וויכטיקע קראפט פון פאלקס־פראנט איז דער פאראייניגטער טרייד־יוניאן בונד, וואס שטעהט שטאל און אייזען הינטער דעם פאלקס־פראנט. בלום האט איינגעלאדען די געווערקשאפטען זיך צו באטייליגען אין מיניסטעריום. זיי האבען זיך אבער אפגעזאגט דערפון. ערשטענס, צוליב דעם סינדיקאליסטיש־טראדיציאנעלען כאראקטער פון די פראנצויזישע געווערקשאפטן, וואס זיינען געגען מישען זיך אין פאליטישע באוועגונגען, און צווייטענס, ווייל זיי ווילען עקאנאמיש ניט האבען קיינע געבונדענע הענט דורך פאליטישע פארפליכטונגען און פארלאמענטארישער פאראנטווארטליכקייט.

ווען די סטרייקס האבען ספאנטאן אויסגעבראכען, האבען פילע צווישען אונז געמיינט, אז דאס איז געווען מחמת קאמוניסטישע איינפלוסען. ווי געוויינליך, מאכען די געשווארענע אנטי־קאמוניסטען דעם קאמוניזם די גרעסטע רעקלאמע. זיי שרייבען דעם קאמוניזם צו א סך א גרעסערען איינפלוס ווי ער באזיצט אין דער ווירקליכקייט. אויב יעמאנד האט געהאט די קראפט ארויסצורופען א סטרייק באוועגונג אין פראנקרייך, זיינען עס געווען די געווערקשאפטען,

און זיי זיינען אין דער נאך גרויסער מערהייט אין די הענט פון די רעכטע יוניאנס, וועלכע זיינען געשווארענע פריינד פון פאלקס־פראנט.

דער סטרייק, ווי מיר וויסען שוין, איז געווען א סטיכישער מאסען־אויסברוך. איז ער אבער אויסגעבראכען, האבען אים די געווערקשאפטען ניט געוואלט אפשטעלען. זיי האבען מיטגעפיהלט דעם צארן פון די ארבייטער, וועלכע זיינען אונטער דער קאפיטאליסטישער הערשאפט אזוי גרויזאם עקספלואטירט געווארען. דער רעכטער יוניאן־פיהרער זשוא, א באקאנטער געמעסיגטער סאציאליסט, האט גלייך ביים סטרייק אוסברוך געזאגט, אז ער וועט די ארבייטער ניט ראטען צו פארלאזען די פאבריקען, וואס זיי האבען פרידלאך באזעצט, ביז זיי וועלען ניט געווינען זייערע בארעכטיגטע פאדערונגען. זאלען די ארבייטער — האט ער געזאגט — שמידען דאס אייזען כל זמן עס איז הייס. ער, דער טרייד־יוניאן פיהרער און רעכטער סאציאליסט, האט געוואוסט אז דאס וועט בלום׳ס רעגירונגס־שוועריגקייטען קיין שאדען ניט ברענגען. אין געגענטייל, וועט עס אים העלפען, אונטער דעם דרוק פון דער מאסע, גיכער דורכצופיהרען די צוגעזאגטע פראגראם פון פאלקס־פראנט. עס איז אין פראנקרייך געשעהן דאס וואס ביי אונז אין אמעריקא, ווען דער „נייער דיעל" איז געשאפען געווארען. עס איז אנטשטאנען א סטרייק־באוועגונג. דובינסקי און אנדערע פראגרעסיווע טרייד־יוניאן פיהרער האבען דעמאלט ניט מורא געהאט צי זיי וועלען דערמיט פארשאפען רוזוועלט׳ן טראבעל. זייער טרייד־יוניאן חוש האט זיי אונטערגעזאגט צו „שמידען דאס אייזען כל זמן עס אז נאך הייס".

לײדער האבען דעמאלט די ארבייטער אין אמעריקא ניט געהאט אייגענע פארטרעטערשאפט אויפ׳ן פאליטישען שלאכטפעלד, וואס זאל אויסנוצען די סטרייק־באוועגונג פון די מאסען ווי דאס איז דער פאל אין פראנקרייך.

❦

די בעלגישע וואהלען, וואס זיינען פארגעקומען גלייך נאך די וואהלען אין פראנקרייך, האבען אוך צום ערשטען מאל אין דער געשיכטע פון דער קליינער אינדוסטריעלער בעלגיע, געפיהרט צו א רעגירונג אין וועלכער די סאציאליסטען האבען א מאיאריטעט. די סאציאליסטישע מאיאריטעט פון דער בילגישער רעגירונג איז אבער פון א גאנץ אנדערען כאראקטער ווי אין פראנקרייך. בעת אין פראנקרייך איז די סאציאליסטישע רעגירונגס־מאיאריטעט א רעזולטאט פון דעם ארבייטער וואהל־זיג, זיינען די סאציאליסטען אין בעלגיע געווארען די גרעסטע פארטיי טראץ זייער אייגענער נידערלאגע און דעם זיג פון דער נייער פאשיסטישער באוועגונג. די מיסאריענטאציע וועגען א סאציאליסטישען וואהל זיג, וואס די טעגליכע אידישע פרעסע האט פארשפרייט אין איהרע נייעס, שטאמט דערפון וואס דורכדעם וואס די קאטוילישע פארטיי, וועלכע איז אין אלטען פארלאמענט געווען די גרעסטע פארטיי, האט ביי די איטיגע וואהלען געהאט אזא מפלה, אז אנשטאט די 79 מאנדאטען אין אלטען פארלאמענט, האט זי איצט בלויז 63 און איז געווארען די צווייטע גרעסטע פארטיי, אפטרעטענדיג דעם ערשטען ארט צו די סאציאליסטען, וועלכע האבען ערוויילט 70 דעפוטאטען, אנשטאט די פריהערדיגע 73. דער פארלוסט פון די סאציאליסטען איז לײדער א סך גרעסער אין דער ווירקליכקייט פון פאקטען און ציפערען. אין אלטען פארלאמענט האבען די סאציאליסטען געהאט 73 דעפוטאטען אויף דער אלגעמיינער צאהל פון 187 פארטרעטער. איצט האבען זיי 70 אויף דער אלגעמיינער צאל פון 202 דעפוטאטען. פריהער האבען די סאציאליסטען געהאט 37 פראצענט פון אלע שטימען, בעת איצט האבען זיי בלויז 32 פראצענט פון אלע שטימען. אין פארגלייך מיט די וואהלען פון 1932 האבען די סאציאליסטען פארלוירען 130 טויזענט שטימען. א שטיקעל טרייסט איז, וואס די קאמוניסטען האבען געוואונען 6 מאנדאטען און 71 טויזענט שטימען. אבער ניט געקוקט אויף דעם קאמוניסטישען זיג, האבען די ארבייטער פארלארען צוויי פראצענט שטימען. אנשטאט 40 האבען זיי איצט בלויז 38 פראצענט. די נידערלאגע פון דער קאטוילישער פארטיי האט בלויז א גינסטיגע

אנדערע, מיט דער אויסנאם בלויז, וואס אנשטאט יעדער וויס־פרעזידענט זאל אפגעבען זיין באריכט באזונדער, האבען זיי צוגעשטעלט זייערע באריכטען שריפטליך צו פרעזידענט דובינסקי און ער האט זיי פאראייניגט מיט זיין באריכט, וועלכער האט דעריבער געדויערט ארום 8 שטונדען.

אין דעם לאנגען באריכט האט פרעזידענט דובינסקי געגעבען א בילד פון דעם צושטאנד פון דער יוניאן אין דעם איצטיגען מאמענט און וועגען איר טעטיגקייט פאר'ן לעצטען האלבען יאר. עס איז אפשר פארבייגעהענדיג נויטיג צו באמערקען, אז דער פערטעל יערליכער מיטינג פון דער גענעראל עקזעקוטיווע איז דאס מאל געווען אלט צוויי־פערטעל יאר און עס איז דעריבער געווען מער וואס צו באריכטען. דער באריכט פון פרעזידענט דובינסקי האט זיך אפגעגעבען ניט בלויז מיט דער טעטיגקייט פון דער יוניאן פאר'ן לעצטען האלבען יאר, ווי סטרייקס, אגרימענטס, עדיוקיישאן, ארגאניזאציאנס ארבייט, צושטאנד און טעטיגקייט פון די פארשידענע אינסטיטוציעס פון דער אינטערנעשאנעל א. אז. וו., נאר אויך מיט די פראבלעמען, וואס די אינטערנעשאנעל אלס גאנצע און אירע איינצעלנע טיילען האבען פאר זיך. גענוג צו דערמאנען די באקאנטע פראגען וועגען אנטלויפענדע שעפער, אווערטאים, יוניאן לעיבעל, „אווערלעפינג", סאוועניר זשורנאלען פון לאקאלס, וואס זוכען אדווערטייזמענטס ביי מאנופעקטשורערס, קאמיטע פאר אינדוסטריעלער ארגאניזאציע א. אז. וו.

דעם ערשטען פלאץ אין באריכט האט פארנומען דער באנייטער אגרימענט פון דער דרעסמאכער יוניאן אין ניו יארק. ער האט איבערגעגעבען אלע שוועריגקייטען און די פארשידענע קאמפליקאציעס, וואס זיינען געווען פארבונדען מיט שליסען דעם אגרימענט און די שוועריגקייטען שפעטער איינצושטעלען די נויטיגע מאשינערי דורכצופירען דעם געשלאסענעם אגרימענט. דער באריכט האט אויך דערצעהלט וועגען דעם אגרימענט וואס איז לעצטענס געשלאסען געווארען אין דרעס טרייד פון שיקאגא פון וועלכען די ארבייטער האבען געוואונען באדייטענדע פארבעסערונגען. עס זיינען געשלאסען געווארען מערערע אגרימענטס אהן סטרייקס אין די פארשידענע קלענערע טריידס. ער שטעלט זיך שפעטער לענגער אפ אויף דעם קאמף, וואס די אינטערנעשאנעל פירט צו ארגאניזירען די קאטען דרעס אינדוסטריע און וועלכע גוואלדיגע שוועריגקייטען זי באגעגענט אין איר ארבייט, אבער זי מאכט דאך פראגרעס.

א גרויסער טייל פון פרעזידענט דובינסקי'ס באריכט איז געווען פארנומען מיט דער קלאוק אינדוסטריע.

די קלאוקמאכער, באזונדערס אין ניו יארק, האבען דעם לעצטען סעזאן שטארק געליטען פון דער קראנקהייט, וואס מען האט א נאמען געגעבען „אווערלעפינג", עס הייסט פון דעם וואס א סך קלאוקס זיינען געמאכט געווארען אין די שעפער פון מענער קליידער. די יוניאן האט אנגעפירט געגען דעם א שטארקען קאמף, אין וועלכען זי האט אויך געקראגען די הילף פון דער אמאלגאמייטעד, אבער די פראגע איז נאך ווייט פון זיין געלעזט, האט פרעזידענט דובינסקי באמערקט. עס וועלען מוזען געמאכט ווערען נאך א סך אנשטרענגונגען אין דעם קאמף. פרעזידענט דובינסקי האט דערביי אנגעוויזען, אז די קלאוקמאכער דארפען זיין באזונדערס פאראינטערעסירט צו פארשפרייטען דעם לעיבעל פון דעם נעשאנעל ריקאווערי באארד פון דער קלאוק און סוט אינדוסטריע. אין דעם דארפען זיין פאראינטערעסירט א ל ע קלאוקמאכער אין א ל ע ערטער פון אמעריקע, וואו קלאוקס ווערען נאר געמאכט. ער האט ביי דער געלעגענהייט דערמאנט געוויסע טשעין סטארס, וואס פראדוצירען און פארקויפען נאך אלץ ניט קיין יוניאן קלאוקס און סוטס און אז עס דארף געגען זיי אנגעפירט ווערען אן ענערגישער פיקעטינג קאמפיין. די דאזיגע טשעין סטארס געפינען זיך מייסטענס אין די קלענערע אינדוסטריעלע שטעט און זייערע קויפער זיינען מייסטענס ארבייטער.

וואס איז שייך צו דער אלטער „אוט אוו טאון" פראגע, האט פרעזידענט דובינסקי באמערקט, טוט די יוניאן אלץ וואס אין אירע כוחות. זי האט געשאפען פאר דעם צוועק א ספעציעלען דעפארטמענט אונטער דער אנפירונג פון וויס־פרעזידענט דזשארדזש רובין און זיין לעצטער באריכט איז זעהר ערמוטיגענד.

א וויכטיגע פאסירונג אין דער קלאוק מאכער יוניאן איז געווען די פאראייניגונג פון לאקאל 1 און לאקאל 17 און עס איז דערפרעהענד, וואס די פאראייניגונג איז געווען א געראטענע, און עס איז דער ערשטער מיטינג פון דער גענעראל עקזעקוטיווע פאר א גאנץ לאנגער צייט, וואו עס איז ניטא קיין פראגע וועגען לאקאל 1 און לאקאל 17.

פרעזידענט דובינסקי דריקט אויס אנערקענונג צו וויס־פרעזידענט נאגלער, פון ניו יארק דזשאינט באארד, פאר זיין ענערגישער שטעלונג, וואס ער האט גענומען געגען דעם באריכט און רעקאמענדאציעס פון דר. סטאון, פון דער אונטערזוכונג וואס ער האט געמאכט אין קלאוק און סוט טרייד וועגען די פארדינסטען פון די ארבייטער. נאגלער'ס פראטעסט, ווי באקאנט, האט געפירט צו דער רעזיגנאציע פון דר. סטאון.

דער באריכט געהט איבער צו דעם אוט אוו טאון דעפארטמענט, וואס ווערט אנגעפירט פון וויס־פרעזידענט וואנדער. דער וויכטיגסטער פונקט איז, וואס די גרויסע מיטגלידערשאפט, וואס געפינען זיך אונטער דער קאנטראל פון דעם דעפארטמענט און וואס די מייסטע פון זיי זיינען קנאפע דריי יאר אין דער יוניאן, זיינען טריי און איבערגעגעבען צו זייער ארגאניזאציע און זיינען אויסגעצייכענטע קעמפער, ווען די יוניאן רופט זיי נאר.

פאר דער צייט פון לעצטען האלב יאר איז צוגעקומען אין דער אינטערנעשאנעל א נייער דעפארטמענט — דער קאטען־גארמענט און מיסעלייניאוס טריידס דעפארטמענט, אונטער דער אנפירונג פון וויס־פרעזידענט רייזבערג. די ארבייט איז נאך ניי און איז פארבונדען מיט גרויסע שוועריגקייטען. עס איז גענוג צו זאגען, אז אין דער טעריטאריע, וואס אט דער נייער דעפארטמענט נעמט ארום (ניו ענגלאנד, אויסער קאנעטיקוט, און פענסילווייניע) געפינען זיך ארום 25 טויזענד ניט ארגאניזירטע ארבייטער. צווישען זיי ארום 10 טויזענד וואס ארבייטען ביי אנדערווער. ארגאניזירטע זיינען איצט פאראן ארום זעקס טויזענד און פון זיי זיינען דריי און א האלב טויזענד ארגאניזירט געווארען זינט דער דעפארטמענט איז געגרינדעט געווארען.



דער באריכט פון פרעזידענט דובינסקי ווערט פארגעזעצט אין דער נאכמיטאג זיצונג. ער געהט אריבער צו דער טעטיגקייט פון איינצעלנע לאקאלס און צו די קלענערע צענטרען אין לאנד, ווי לאקאל 25, ווייסט, בלאוז און סקוירט מאכער פון ניו יארק; לאקאל 62, לאקאל 66, לאקאל 32, לאקאל 91 א. אז. וו. לאקאל 62 פון די וואיט גודס ארבייטער האט לעצטענס שטארק געליטען פון דעם, וואס מערערע שעפער זיינען אוועק פון ניו יארק, כדי צו אנטלויפען פון יוניאן באדינגונגען. עס האט אויך שטארק געליטען דערפון לאקאל 91, פון וועלכען וויס־פרעזידענט גרינבערג איז מענעדזשער. אבער לעצטענס האט זיך די לאגע אין לאקאל 91 פארבעסערט.

דער באריכט שטעלט זיך אפ לענגער אויף דער סיטואציע פון לאקאל 155 פון די ניט־גודס ארבייטער, וואס מאכט גרויסע אנשטרענגונגען צו ארגאניזירען דעם טרייד און וועלכע באגעגנט זעהר גרויסע שטערונגען אין זיין וועג. דער לאקאל דארף קירצליך באנייען זיין אגרימענט מיט די באלעבאטים און עס שיינט, אז עס וועט נויטיג זיין א סטרייק.

פרעזידענט דובינסקי ריהמט זעהר שטארק דעם לעצטען סטרייק פון די דרעסמאכער אין באסטאן, אונטער דער אנפירונג פון וויס־פרעז. קרעמער און ברודער יעקב האלפערן. עס איז געווען איינער פון די וואונדערפולסטע קאמפען אין דער געשיכטע פון דער אינטערנעשאנעל.

די לאגע אין דער דרעסמאכער יוניאן אין פילאדעלפיע האט זיך לעצטענס באדייטענד פארבעסערט. עס זיינען אויסגעגליכען געווארען די אינערליכע שטרייטיגקייטען און עס איז געשאפען געווארען הארמאניע. די דרעסמאכער פון פילאדעלפיע האבען צוריקגעוואונען די רעדוקציע פון פינף פראצענט פון זייערע וויידזשעס, וואס זיי זיינען פריהער געווען געצוואונגען נאכצוגעבען.

אין סט. לואיס איז געשלאסען געווארען אן אפמאך

# די ג. ע. ב. פון דער אינטערנעשאנעל אין קאליפארניע

פון ב. ה. צ.

ווען קאליפארניע וואלט ניט געווען אזוי ווייט, וואלט עס געווען א גאנץ באקוועמער און אנגענעמער פלאץ וואו אפצוהאלטען די מיטינגען פון דער גענעראל עקזעקוטיווע. גאנץ גליך צי אין לאס אנדזשעלעס אדער אין סאן פראנציסקא אדער אין בידע ערטער, ווי מען האט עס איצט געטאן. עס איז א פיינער קלימאט, א שעהנע לאנדשאפט און וואוילע, פריינדליכע יוניאן מיטגלידער. דער קבלת פנים, וואס לאס אנדזשעלעס האט געגעבען דער גענעראל עקזעקוטיווע פון דער אינטערנעשאנעל איז געווען גענוג גרויס און פאראדנע פאר א קאנווענשאן פון דער אינטערנעשאנעל. דעקארירטע גאסען, א לאנגע פראצעסיע פון דעקארירטע אויטאמאבילס, א ריזיגע מאסען פארזאמלונג, א גרויסארטיגער באנקעט, פארשידענע אונטערהאלטונגען, אויספלוגען און פארוויילונגען אין האליוואוד אלס צוגאב. וואס קען זיין מער? איך וואלט געווען א בעלן צו זעהן, וואס די לאס אנדזשעלעסער וואלטען צוגעגרייט, ווען עס וואלט טאקע דארטען געקומען א קאנווענשאן פון דער אינטערנעשאנעל.

און די סאן פראנציסקאנער זיינען ניט אפגעשטאנען פון די לאס אנדזשעלעסער. זיי האבען געטאן אלץ, וואס זיי האבען נאר געקענט צופרידענצושטעלען זייערע געסט, אז זיי זאלען זיך פילען באקוועם, אנגענעם און מיטנעמען די בעסטע איינדרוקען פון דער אינטערעסאנטער שטאדט סאן פראנציסקא און איר וואונדער שעהנער אומגעגנד. אבער ווען גאט האט באשלאסען צו באשאפען קאליפארניע האט ער ניט אויסגערעכענט, אז דער הויפט-צענטער פון דער פרויען קליידער אינדוסטריע וועט זיך געפינען אין ניו יארק און אז פון 3 וועסט 16טע סטריט ביז לאס אנדזשעלעס אדער סאן פראנציסקא וועט זיין איבער דריי טויזענד מייל און אז עס וועט דויערען אזוי לאנג צו פארען.

עס איז אמת, אז די אייזענבאן אינזשענירען האבען שוין פארטיג א לאקאמאטיוו וואס קען אייך ברענגען פון ניו יארק אין לאס אנדזשעלעס אין 58 שטונדען, עס הייסט צוויי מעת לעת מיט צעהן שעה. אבער ווען די גענעראל עקזעקוטיווע איז ארויסגעפארען פון ניו יארק קיין לאס אנדזשעלעס, איז משמעות, אט דער נייער שנעלער לאקאמאטיוו נאך ניט געווען פארטיג, אדער דער אפיס פון דער אינטערנעשאנעל, וואס האט ארגאנזשירט די רייזע, האט פארגעסען זיך נאכצופרעגען וועגען אט דעם נייעם לאקאמאטיוו. אפשר צוליב דעם, וואס דער נייער לאקאמאטיוו הייסט זיך אויך צאלען נייע פרייזען. נאר עס איז קיין אונטערשיד ניט, וואס עס איז געווען די אורזאך. מען איז געפארען מיט אן אלטען פאוואליע-לאקאמאטיוו, וואס האט זיך זיין איינענע צייטרעכענונג און שטעלט זיך אפ וואו ער געפינט נאר א סטאנציע אויפ'ן וועג. און אויב ער געפינט ניט, שטעלט ער זיך סתם אזוי אפ.

עס וואלט אפשר געווען א גאנץ לאנגווייליגע אונטערנעמונג, ווען מען וואלט געדארפט פארען אזוי פינף מעת לעת נאכאנאנד. ליגט אבער אויפ'ן וועג שיקאגא, וואו די יוניאן האט געדארפט מאכען א באנקעט צו פייערען דעם נייעם אפמאך מיט די באלעבאטים פון דער דרעס אינדוסטריע, און אזוי ווי די שיקאגאר פירער פון דער יוניאן זיינען פראקטישע מענשען, האבען זיי דעם באנקעט געמאכט פונקט אין דעם טאג, ווען די גענעראל עקזעקוטיווע האט געדארפט דורכפארען די ווינטיגע שטאדט אויף איר וועג אין קאליפארניע. עס פארשטעהט זיך, אז די גענעראל עקזעקוטיווע האט זיך געמוזט אפשטעלען און באגייען דעם יום טוב. און אויף אזא אופן איז עס געבליבען בלויז נאך פיר טעג צו פארען. און נאכדעם ווי פרעזידענט דובינסקי האט געענדיגט זיין רעדע און צוגענומען אלע אפלאדיסמענטען, איז מען געפארען ווייטער. און עס איז אויך געווען גוט, וואס אויפ'ן וועג צו לאס אנדזשעלעס געפינט זיך דער בארימטער גרענד קעניאן, אויף וועלכען גאט האט, לויט ווי די געאלאגען באהויפטען, געארבייט א סך מיליאנען יארען און האט געמאכט עטליכע ערד-ציטערנישען ביז ער האט אים באשאפען. מען האט זיך געמוזט אפשטעלען אנקוקען אזא וואונדערליכע שטיקעל ארבייט און אויף אזא אופן איז עס געבליבען בלויז נאך ארום 18 שטונדען צו פארען. נאר אזוי ווי דער אלטער לאקאמאטיוו האט ניט געזשאלעוועט קיין צייט, האט ער דערלענגט א פאר שטונדען פון זיין אייגענע צייט און מען איז אנגעקומען אין לאס אנדזשעלעס מיט א פאר שטונדען שפעטער, ווי מען האט געדארפט. דאס האט אביסעל פארקלענערט דעם עולם, וואס איז געקומען צום וואקזאל און ביים אפיס פון דער יוניאן אויף בראדוויי מקבל פנים זיין די געסט. עס זיינען אויך אין לאס אנדזשעלעס פאראן מענשען מיט פעסימיסטישע נייגונגען און ווען זיי זיינען אפגעשטאנען ארום א פאר שטונדען און געווארט אויפ'ן טריין און ער איז ניט געקומען, האבען זיי אנגעפאנגען גלויבען, אז ער וועט מער אין גאנצען ניט קומען און זיי זיינען אוועק אהיים. אבער די צאל אפטאמיסטען אין לאס אנדזשעלעס איז אומפארגלייכליך גרעסער. דער ווייט גרעסטער טייל פון עולם, וואס איז געקומען מקבל פנים זיין די גענעראל עקזעקוטיווע, האט ניט אויפגעגעבען די האפנונג, אז דער טריין וועט ענדליך דאך אנקומען און האט געווארט און ער האט זיך טאקע אויך דערווארט. און עס איז שוין געווען איין מאל א קבלת פנים!

דאס איז געווען דאנערשטאג, דעם 21טען מאי ביי טאג. דאנערשטאג אין אווענד איז געווען א גרויסער מאס-מיטינג אין א פיינעם האל מיט א פיינעם עולם. ברודער פינקאווסקי, א גוט באקאנטער געוועזענער ניו יארקער תושב, וואס רופט זיך אין לאס אנדזשעלעס, כדי צו שפארען צייט מיט דעם קורצען נאמען פאין, איז געווען פארזיצענדער. עס האבען געהאלטען קורצע רעדעס די וויס-פרעזידענטען י. פיינבערג, י. נאגלער, י. ברעסלאוער, דזשוליוס האכמאן, לואידזשי אנטאניני און ראוז פעסאטא, און צולעצט פרעזידענט דובינסקי א לאנגע רעדע.

איין טייל פון זיין רעדע איז געווען וועגען דעם וואוקס און דער פארצווייגטער טעטיגקייט פון דער אינטערנעשאנעל און דער צווייטער טייל וועגען דער ראלע וואס די אינטערנעשאנעל אלס איינע פון די גרעסטע יוניאן אין דער אמעריקען פעדערישאן אוו לייבאר שפילט אין דער אמעריקאנער ארבייטער באוועגונג און ווי אזוי אירע אינטערעסען זיינען פארקניפט און פארבונדען מיט דעם ערפאלג און דעם פראגרעס פון דער גאנצער אמעריקאנער ארבייטערשאפט. און אין דעם צוזאמענהאנג האט ער ערקלערט פאר וואס די אינטערנעשאנעל איז אזוי שטארק פאראינטערעסירט אין דער קאמיטע פאר אינדוסטריעלע ארגאניזאציע („סי אי א”), ווייל די גרויסע מאסען ארבייטער אין אמעריקע, וועלכע זיינען באשעפטיגט אין די גרויסע אמעריקאנער אינדוסטריען און וועלכע זיינען ניט ארגאניזירט, קענען אנדערש ניט ארגאניזירט ווערען ווי אין אינדוסטריעלע יוניאנס. און די אינטערנעשאנעל איז צוליב די אינטערעסען פון אירע מיטגלידער פאראינטערעסירט, אז די אמעריקאנער ארבייטער זאלען זיין וואס מער ארגאניזירט און האבען בעסערע ארבייטס באדינגונגען, כדי זייער קויפקראפט זאל זיין גרעסער און עס זאלען זיין מער קויפער פאר די קליידער, וואס די מיטגלידער פון דער אינטערנעשאנעל פראדוצירען און כדי די אינטערנעשאנעל זאל קענען געהן ווייטער פאראויס און קעמפען פאר נאך בעסערע ארבייטס-באדינגונגען און גרעסערע פארדינסטען פאר אירע מיטגלידער. דער גרויסער עולם אויף דער פארזאמלונג, ארום צוויי טויזענד אין צאל, האט באזונדערס ווארים אויפגענומען די רעדע און זי איז מערערע מאל אונטערגעבראכען געווארען פון שטורמדיגע אפלאדיסמענטען.

* * *

דער מיטינג גופא פון דער גענעראל עקזעקוטיווע אין קאליפארניע איז אין אלגעמיין געווען אזוי ווי אלע

אפים פון דער אינטערנעשאנאל אנגעקומען א ווייכטיגער בריף פון דער סאב קאמיטע וואס די עקזעקוטיווע פון דער אמעריקען פעדעריישאן אוו לייבאר האט באשטימט וועגען דער קאמיטע פאר אינדוסטריעלער ארגאניזאציע. די דאזיגע קאמיטע איז באשטימט געווארען אויף דעם מיאמי מיטינג פון דער עקזעקוטיווע פון דער פעדעריישאן, וואס זי האט אפגעהאלטען אין יאנואר, און זי באשטעהט פון די דריי וויים פרעזידענטען העריסאן, וועבער און בוגניאצעט. די אויפגאבע פון אט דער סאב קאמיטע איז געווען צו רופען די יוניאנס וואס באלאנגען צו דער „סי אי א" אויף א פארהער און זיך דורכריידען מיט זיי וועגען דער שטעלונג פון דער אמעריקען פעדעריישאן אוו לייבאר. אבער אנשטאט דעם האט די סאב קאמיטע אהן א שום פארהער ארויסגעשיקט אן אולטימאטום צו די יוניאנס וואס שטעלען צוזאמען די „סי אי א", אז זיי מוזען אויפלעזען די ארגאניזאציע. די אינטערנעשאנאל, וואס איז א מיטגליד אין דער „סי אי א", דארף דעריבער באשליסען וואס צו ענטפערען צו דער דערמאנטער „סאב קאמיטע".

עס האט זיך וועגען דער פראגע אנטוויקעלט א לענגערע דעבאטע, אין וועלכער עס האבען זיך באטייליגט מערערע מיטגלידער פון דער גענעראל עקזעקוטיווע. צום שלוס האט פרעזידענט דובינסקי פארגעשלאגען צו שיקען צו דער סאב־קאמיטע דעם פאלגענדען בריף:

מר. דזשארדזש וו. העריסאן,
וויים פרעזידענט,
אמעריקען פעדעריישאן אוו לייבאר,
וואשינגטאן, ד. ס.

חשוב'ער ברודער:

אייער בריוו פון 20טען מאי 1936, וועלכער איז אויך אונטערגעשריבען פון די וויים־פרעזידענטען ג. מ. בוגניאזעט און דזשאזעף נ. וועבער אין באצוג צו דער קאמיטע פאר אינדוסטריעלער ארגאניזאציע איז פארזיכטיג געלעזען און באטראכט געווארען פון דער גענעראל עקזעקוטיוו באארד פון אונזער אינטערנעשאנאל יוניאן בעת זי האט אפגעהאלטען איהרע רעגעלמעסיגע באראטונגען אין סאן פראנציסקא, קאליפארניע. ניט אריינלאזענדיג זיך אין לאנגע דרכים וועגען די מאטיווען, וואס האבען אייך באוואויגען צו קומען צו א באשלוס, דאס די קאמיטע פאר אינדוסטריעלען יוניאניזם איז א קאנקורירענדע און דואליסטישע ארגאניזאציע אין דער משפחה פון ארגאניזירטע ארבייטער", האלטען מיר אז אייער באשלוס האט קיין שום בארעכטיגונג ניט, ווייל ער שטיצט זיך ניט אויף פאקטען דערגרייכט פון א גענויער אונטערזוכונג. אייער קאמיטע איז באשטימט געווארען פון עקזעקוטיוו קאונסיל אין מיאמי מיט דער פליכט זיך צו באגעגענען און צו קאנפערירען מיט פארשטעהער פון די אינטערנעשאנאלס, וואס שטעלען צוזאמען די קאמיטע פאר אינדוסטריעלען יוניאניזם און דאן צוזאמען מיט דעם באריכט אריינברענגען רעקאמענדאציעס צום קומענדען מיטינג פון עקזעקוטיוו קאונסיל.

„אייער קאמיטע האט אבער אין משך פון 4 חדשים ניט גערופען קיין שום מיטינג אדער קאנפערענצען מיט פארטרעטער פון די אינטערנעשאנאלס, וואס שטעלען צוזאמען די קאמיטע פאר אינדוסטריעלע יוניאן ארגאניזאציעס, מיט דער אויסנאמע וואס דעם 19טען מאי האט זי גערופען צו א מיטינג געבענדיג בלויז איין טאג צייט און גראד אין א צייט ווען אונזער דזשענעראל עקזעקוטיוו באארד האט זיך געפונען אויף דעם וועג פון ניו יארק קיין לאס אנדזשעלעס. עטליכע יוניאנס האבען זיך באטייליגט אין אט דעם מיטינג, אבער מיר האבען דארט ניט געקאנט זיין, ווייל מיר האבען זיך צו יענער צייט געפונען אויף די באראטונגען פון אונזער אייגענער עקזעקוטיוו באארד.

„עטליכע טעג שפעטער, נאך דעם קורצען מיטינג פון 19טען מאי, האבען מיר דערהאלטען אייער בריוו, אין וועלכען איהר פאדערט פון אונז דעם ארויסטריט פון דער קאמיטע און איהר פולשטענדיגע אויפלעזונג.

„דער ענטפער, וואס אונזער דזשענעראל עקזעקוטיוו באארד האט אונטער די דאזיגע אומשטענדען צו געבן אויף אייער אולטימאטום לויטעט ווי פאלגט:

„די אינטערנעשאנאל לידיס גארמענט וואירקערס יוניאן האט זיך אלעמאל אנטקעגענגעשטעלט געגען אקטיוויטעטען, וואס האבען געקענט אדויסרופען דואל־יוניאנס און אפאזיציאנס־באוועגונגען אין איהרע אייגענע רייהען און וואלט זיך פונקט אזוי אנטקעגענגעשטעלט געגען יעדער באוועגונג, וואס וואלט געהאט דעם צוועק צו מאכען אפאזיציע געגען דער אמעריקען פעדעריישאן אוו לייבאר אדער אונטערשטיצען דואל־יוניאנס. ווען מיר האבען זיך אנגעשלאסען אן דער קאמיטע פאר אינדוסטריעלע ארגאניזאציעס, האבען מיר אקצעפטירט די אויפגאבען פון אט דער קאמיטע, וואס זיינען פעסטגעשטעלט געווארען אין פאלגענדע טערמינען:

„עס איז דער צוועק פון דער קאמיטע צו ערמוטיגען און צו העלפען ארגאניזירען די ארבייטער פון דער מאסען־פראדוקציע אין אונארגאניזירטע אינדוסטריעס אין לאנד און זיי פארבינדען מיט דער אמעריקען פעדעריישאן אוו לייבאר. די פונקציעס פון דער קאמיטע זיינען פון אן אויפקלערונגס און באראטענדען הילפס־כאראקטער. די קאמיטע און איהרע פארטרעטער וועלען העלפען אויסקעמפען אנערקענונג און אננאמע פון מאדערנע קאלעקטיווע פארהאנדלונגען אין אזעלכע אינדוסטריען".

„צו יענער צייט האבען מיר ערקלערט, אז אונזער יוניאן וועט דער דאזיגער קאמיטע געבען יעדע הילף אזוי לאנג ווי זי וועט זיך האלטען אן איהר אריגינעל אנגענומענעם פראגראם.

„מיר גיבען קיינעם ניט דעם פארצוג זיך צו באטראכטען אלס לאיאלער ווי מיר זיינען צו אונזער אמעריקען פעדעריישאן אוו לייבאר און צו דער העכסטער אויטאריטעט פון איהרע קאנווענשאנס צו שאפען געזעצען און פארמולירען לאזונגען פאר דער ארגאניזירטער ארבייטער־באוועגונג. מיר זיינען פונדעסטוועגען איבערצייגט, אז עס איז דאס אבסאלוטע רעכט פון אונזער יוניאן אזוי גוט ווי פון אירגענד אן אנדער יוניאן, וואס איז אנגעשלאסען אן דער א. פ. אוו ל., צו פארטיידיגען אינדיווידועל אדער קאלעקטיוו אן ענדערונג פון ארגאניזאציאנעלע מעטאדען אדער ארגאניזאציאנעלע פארמען און פאר זיי צו קעמפען אויף א חבר'שען און דעמאקראטישען אופן, און אין דער זעלבער צייט אפהיטען די איינינקייט פון דער אמעריקאנער ארבייטער באוועגונג.

„עס איז ווייטער אונזער גלויבען און איבערצייגונג, דאס אויב דער עקזעקוטיוו קאונסיל אין וועמעס נאמען איהר האנדעלט, האט א גרונט צו באשולדיגען די קאמיטע פאר אינדוסטריעלער ארגאניזאציע אין דואל יוניאניזם, דארף די באשולדיגונג באוויזען ווערען אויף א באנייטען פארהער, וואו אלע פאראינטערעסירטע צדדים זאלען האבען די געלעגענהייט פארצולעגען זייער צד. דאס דארף אבער ניט געטאן ווערען פון אייער קאמיטע. אייער באפעל איז א קלארער באווייז, אז איהר האט איבערשריטען אייער אויטאריטעט און געהאנדעלט לויט באגריפען, וואס זיינען אין געגענזאץ צו די טראדיציעס און דעמאקראטישע פירונגען פון דער אמעריקען פעדעריישאן אוו לייבאר, ווי אויך א האנדלונג, וואס איז ניט אין איינקלאנג מיט די אנווייזונגען פון עקזעקוטיוו קאונסיל.

„וועלענדיג זיין גערעכט צו אונז אליין און צו דער ארבייטער־באוועגונג, וועלכע איז טיף פאראינטערעסירט אין אט דעם ענין, קען אונזער דזשענעראל עקזעקוטיוו באארד ניט אנערקענען אייער באשלוס און עס איז באשלאסען געווארען צוריקצואווייזען אייער פאדערונג בנוגע דער אויפלייזונג פון דער קאמיטע פאר אינדוסטריעלען יוניאניזם אדער זיך פון איהר צוריקצוציהען. אויב עס וועט צו אירגענד וועלכער צייט באוויזען ווערען, דאס די קאמיטע איז פארוויקעלט אין דואל יוניאן אקטיוויטעטען, פארזיכערען מיר אייך אז עס וועלען דעמאלט ניט נויטיג זיין קיינע אולטימאטומס, אדער די קאמיטע וועט דאן געצוואונגען ווערען צו ענדערען איהר שטעלונג, אדער מיר וועלען אין אזא פאל איהר גלייך פארלאזען.

ברידערליך אייער,

דוד דובינסקי, פרעזידענט א.ל.ג.וו.י.

מיט די באַלעבאַטים פון־דער דרעס אינדוסטריע, מיט דער אויסנאַם פון איין פירמע. די ארבייט אין סט. לואיס און אומגעגענד ווערט אָנגעפירט פון ברודער מאיר פּערלשטיין, וועלכער איז פון פּרעזידענט דובינסקי שטאַרק געלויבט געוואָרען פאר זיין טעטיגקייט און פאר די גרויסע ערפאָלגען וואס ער האָט דערגרייכט אין דער שווערער אָרגאַניזאַציאָנס ארבייט, וואס ער האָט פאר זיך געהאַט און אין די אגרימענטס וואס ער האָט געשלאָסען פאר דער יוניאָן.

דער באריכט דערמאָנט די ארבייט וואס איז געטאָן געוואָרען אין דער צווילינג־שטאָט סעינט פּאָל און מינעאַפּאָליס, אין סיאטעל, וואשינגטאָן, אין פּאָרטלאנד, אָרעגאָן, אין סאן פראנציסקא און לאס אנדזשעלעס.

אויף די לעצטע צוויי שטעדט שטעלט זיך פּרעזידענט דובינסקי אָפּ אביסעל לענגער. אין ביידע שטעדט זיינען די קלאוקמאכער זעהר גוט ארגאַניזירט און האָבען אויסגעצייכענטע יוניאָנס. אין ביידע שטעדט ווערט אויך אָנגעפירט אן ענערגישער אָרגאַניזאציאָנס קאמפּיין צווישען די דרעסמאכער און מיט גוטען ערפאָלג. אין לאס אנדזשעלעס גרייטען זיך די דרעסמאכער צו פאָדערען א קלאָוזד שאָפּ ווען זיי וועלען דארפען באנייען דעם אגרימענט אין דזשולייי.

צום לעצט קומט קענעדע. די קלאוקמאכער זיינען איצט גוט ארגאַניזירט אין אלע דריי קלאוק צענטערס פון קענעדע — מאָנטרעאל, טאָראָנטאָ און וויניפּעג. אין דער לעצטער שטאָדט זיינען די קלאוק מאכער צום ערשטען מאָל אָרגאַניזירט געוואָרען אין א לאָקאַל פון דער אינטערנעשאָנעל. זיי האָבען אין דער קורצער צייט וואס זיי זיינען אָרגאַניזירט גאנץ באדייטענד פארבעסערט זייער לאגע. די וויכטיגע פראגע פון קענעדע איז איצט צו אָרגאַניזירען די דרעס מאכער און באזונדער אין מאָנטרעאל, וואו זייער צאָל איז א גאנץ גרויסע.

⁂

א באזונדערס אינטערעסאַנטער טייל פון פּרעזידענט דובינסקי׳ס באריכט איז געווען וועגען די פינאנסען פון דער יוניאָן. צוזאמען מיט אירע פארשידענע לאָקאלס און דזשאָינט באָארדס פארמאָגט די אינטערנעשאָנעל איבער 4 מיליאָן דאָלער. אין דעם ווערט ניט אריינגערעכענט דער ווערט פון יוניטי הויז און פון די הייזער וואס די אינטערנעשאָנעל און מאנכע פון אירע לאָקאלס פארמאָגען. פאר די לעצטע צוואנציג חדשים האָט די אינטערנעשאָנעל אויסגעגעבען 800 טויזענד דאָלער אויף אָרגאַניזאציאָנס ארבייט, האָט געשטיצט אנדערע ארבייטער ארגאַניזאציעס מיט 39 טויזענד דאָלער און האָט געזאמעלט פון די מיטגלידער איבער 83 טויזענד דאָלער צו שטיצען פארשידענע אינסטיטוציעס און אָרגאַניזאציעס.

צום סוף פון זיין באריכט האָט פּרעזידענט דובינסקי אין קורצען איבערגעגעבען וועגען דעם צושטאנד פון די געזעלשאַפטליכע און קולטורעלע אינסטיטוציעס פון דער אינטערנעשאָנעל. די יוניטי הויז, דער יוניאָן העלטה סענטער, דאָס ארבייטער טעאטער א. אז. וו. דער באריכט האָט אויך דערצעהלט וועגען דעם אנטייל פון דער אינטערנעשאָנעל אין דער אנטי־נאצי און אנטי־פאשיסטישער באוועגונג; וועגען דער גרויסער אנטי־נאַצי אונטערנעמונג אין מעדיסאָן סקווער גאַרדען, וואס א העלפט פון דער איינגאַמע (20 טויזענד דאָלער) איז געקומען פון דער אינטערנעשאָנעל; וועגען דער פייערונג פון דעם ערשטען מאי אין די פּאָלאָ גראַונדס, וואס כמעט די גאנצע אראנזשירונג ארבייט איז דורכגעפירט געוואָרען פון דער אינטערנעשאָנעל; וועגען דעם לעקטשור טור פון הערבערט מאָריסאָן פון ענגלאנד, וואס די אינטערנעשאָנעל האָט געהאָלפען דורכפירען א. ז. וו.

⁂

שבת אוונט, דעם 23־טען מאי, האָט דער דזשאָינט באָארד פון לאס אנדזשעלעס קלאוק און דרעס מאכער יוניאָן געגעבען לכבוד דער גענעראל עקזעקוטיווע א גרויסען באנקעט, אזוי גרויס, אז דער גרויסער זאל פון „פּראַיידיי מאָרנינג קלאָב" איז געווען צו קליין. עס זיינען געקומען איבער טויזענד מיטגלידער פון דער יוניאָן צום באנקעט.

דינסטאג אוונט איז פארגעקומען א גרויסער מאסמיטינג פון דער ליבאָר טשעסט, אויף וועלכען פּרעזידענט דובינסקי איז געווען איינער פון די הויפּט־רעדנער און ווייס־פּרעזידענט י. פיינבערג איז געווען פארזיצענדער.

מאָנטאג, דעם 25־טען מאי, איז דער מיטינג פון דער גענעראל עקזעקוטיווע פארטגעזעצט געוואָרען. עס איז פארהאנדעלט געוואָרען די פראגע וועגען א קאמפּיין פאר דעם יוניאָן לעיבעל אין דער קאָטען דרעס און מיסעלייניאוס טרעידס.

די פראגע פון פארבאָטען „אָווערטאַיים" האָט ארויסגערופען א לענגערע דעבאַטע. אָבער עס איז ענדליך באשלאָסען געוואָרען, אז אָווערטאַיים קען ערלויבט ווערען בלויז אין באזונדערע אויסנאַמספאַלען און אויך דאָס בלויז מיט דער צושטימונג פון פּרעזידענט פון דער אינטערנעשאָנעל.

עס ווערט באשלאָסען צו שאַפען א פאָנד פון 150 טויזענד דאָלער אנצופירען א גרויסען ארגאַניזאציאָנס קאמפּיין אין די מיסעלייניאוס טרעידס אין ניו יארק און אומגעגענד.

עס ווערט גוטגעהייסען דער פארלאנג פון לאָקאל 155 ניט־גודס ארבייטער, צו רופען א סטרייק אין טרעיד אין פאַל דער אגרימענט וועט ניט קענען באנייט ווערען אויף א פרידליכען אופן.

נאָכ׳ן פארהאנדלען איניגע פון די וויכטיגע פראַגען האָבען זיך די זיצונגען פון דער גענעראל עקזעקוטיווע אין לאס אנדזשעלעס מאָנטאג אוונט פארענדיגט און דער ניט פארענדיגטער טייל פון טאָג־ארדנונג איז איבערגעלאָזען געוואָרען פאר די זיצונגען אין סאן פראנציסקאָ.

די פראגע פון „אָווערלעפּינג" איז איבערגעגעבען געוואָרען צו א קאָמיטע פון די דריי ווייס־פּרעזידענטען — נאַגלער, ברעסלאוער און ליוואַי.

פאר איר אָפּשייד מיט לאס אנדזשעלעס האָט די גענעראל עקזעקוטיווע באזוכט דעם באַקאַנטען טובערקולאָזיס סאַניטאריום, וואס געפינט זיך ניט ווייט פון שטאָדט און וואו עס איז פון דער אינטערנעשאָנעל אויסגעבויט געוואָרען א לייברערי אויף די נעמען פון בענדזשאַמין שלעזינגער און מאָריס זיגמאן.

די מיטגלידער פון דער גענעראל עקזעקוטיווע, וועלכע האָבען באקומען א זעהר ווארימע אויפנאַמע פון דער פארוואלטונג פון סאַניטאריום זיינען געווען אנגענעם איבערראשט פון דער וואונדערליכער שעהנקייט פון דער גרויסער, וויכטיגער אינסטיטוציע, פון די פארשידענע מאָדערנע, באקוועמע איינריכטונגען פאר די פּאציענטען און פון דער אויסגעצייכענטער פארוואלטונג.

⁂

פרייטאג פריה, דעם 29־טען מאי, איז די גענעראל עקזעקוטיווע אנגעקומען אין סאן פראנציסקא, וואו זיי זיינען באגעגענט געוואָרען פון א גרויסער גרופּע קלאוק און דרעסמאכער, צוזאמען מיט ברודער מענקאָף, טשערמאַן פון דזשאינט באָארד, זאכארין, מענעדזשער און שוועסטער דזשעניע מאטיעס, ארגאַנייזערין פון דער אינטערנעשאָנעל.

די ערשטע ארבייט פון דער גענעראל עקזעקוטיווע ביי איר אָנקומען אין סאן פראנציסקא איז געווען צו באזוכען טאָם מוני און וואָרען בילינגס אין זייער געפענגנים. דער וויזיט האָט געדויערט ארום א האלבע שעה און איז געווען איינער פון די שטאַרקסטע איינדרוקען, וואס די מיטגלידער פון דער גענעראל עקזעקוטיווע האָבען געהאט אויף זייער לאנגער רייזע. סאי טאָם מוני און סאי וואָרען וויליאמס קענען דינען אלס מוסטער ווי אזוי מענשען מיט א גלויבען אין א גרויסען אידעאל, קענען בלייבען אזוי גייסטיג געזונט און שטאַרק, נאָך אזוי פיל פיזישע ליידען אזוי פיל יאָרען.

⁂

דער ערשטער מיטינג פון דער גענעראל עקזעקוטיווע איז אָפּגעהאלטען געוואָרען פרייטאָג נאָכמיטאָג, נאָך דעם וויזיט ביי מוני און בילינגס אין געפענגניש.

די ערשטע פראגע, וואס איז אויפגענומען געוואָרען, איז געווען וועגען דער קאָמיטע פאר אינדוסטריעלער אָרגאַניזאציע („סי אי אָ"). פּרעזידענט דובינסקי האָט ערקלערט, אז אין דער צייט, ווען די גענעראל עקזעקוטיווע איז געווען אויף איר וועג קיין לאָס אַנדזשעלעס, איז אין

# וואָס עס הערט זיך אין דער אינטערנעשאָנאַל

פון פּ. ד.

### ערשטע מאַי פייערונגען

ניט געקוקט דערויף, וואָס די אידייע צו מאַכן דעם ערשטן מאַי פאַר אַ יום־טוב פון אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער סאָלידאַריטעט איז געבוירען געוואָרען אין אַמעריקאַ, האָט זי זיך ביז איצט נאָך ניט איינגעבירגערט צווישען די אַמעריקאַנער אַרבייטער, און דער אַרבייטער יום־טוב ווערט דאָ ביי אונז אין לאַנד געפייערט פון אַזעלכע אַרבייטער־אָרגאַניזאַציעס און טרייד־יוניאָנס, וועמעס טראַדיציעס שטאַמען פון דער אַרבייטער־באַוועגונג אין דער אַלטער היים.

די פּראָגרעסיווע טרייד־יוניאָנס מיט עמיגראַנטישע עלעמענטען זיינען די איינציגע פּראָלעטאַרישע מאַסען־אָרגאַניזאַציעס, וואָס פייערען אין אַמעריקאַ דעם אינטערנאַציאָנאַלען אַרבייטער יום־טוב פון ערשטען מאַי, און די אינטערנעשאָנאַל לידיס גאַרמענט וואָירקערס יוניאָן האָלט שטענדיג הויך און שטאָלץ די פאָהן פון אינטערנאַציאָנאַלער אַרבייטער־סאָלידאַריטעט.

⁂

אויך היי־יאָהר האָבען אינטערנעשאָנאַל אָרגאַניזאַציעס איבער דעם גאַנצען לאַנד אויף זיך גענומען דעם איניציאַטיוו צו פייערען דעם אַרבייטער יום־טוב. אין ניו יאָרק, שיקאַגאָ, באַלטימאָר, לאָס אַנדזשעלעס און אין פילע אַנדערע שטעט האָבען אונזערע יוניאָן־אָרגאַניזאַציעס געפייערט דעם ערשטען מאַי יום־טוב צוזאַמען מיט דער אַרבייטער באַוועגונג.

די מאַי־פייערונג אין ניו יאָרק איז געוועזן די גרעסטע טרייד־יוניאָן מאַי־פייערונג אין דער געשיכטע פון ניו יאָרק. 70 טויזענט אַרבייטער האָבען באַזוכט דעם פּאָלאָ גראַונד — 70 טויזענד פּראָלעטאַריער פון פאַרשיידענע ראַסען און נאַציאָנאַליטעטען, פון פאַרשיידענע רעליגיעס און מיט פאַרשיידענע פּאָליטישע אַנשויאונגען. אין פאָרם, אינהאַלט און צוזאַמענשטעל איז דאָס געוועזן אַן אמת'ער אינטערנאַציאָנאַלער מאַס־מיטינג, און זיין הויפּט לאָזונג איז געוועזן: קאַמף דעם פאַשיזם.

ברודער דוד דובינסקי, דער פּרעזידענט פון דער אינטערנעשאָנאַל, איז געוועזן טשערמאַן פון דעם פייערליכען מיטינג און אין זיין ערעפנונגס־רעדע האָט ער געגעבען דעם טאָן צו דער פייערונג, וואָס האָט געקלונגען מיט האַס און פאַראַכטונג צו די אונטערדריקער פון אַרבייטער קלאַס. בעת דובינסקי'ס שטימע האָט געציטערט פון צאָרן און פּראָטעסט געגען די פאַשיסטישע הענקער איז ער געווען אַרומגערינגעלט מיט קרבנות פון דער פאַשיסטישער באַרבאַריי. אויף דער רעדנער־טריבונע זיינען געזעסען מאַרטין פּלעטעל, דער פּרעזידענט פון דייטשען באַקלידונגס־פאַראיין, און די באַרימטע סאָציאַליסטישע פיהרערין טאָני סענדער — ביידע געוועזענע רעפּוטאַטען צום דייטשען רייכסטאַג. און ווען טאָני סענדער האָט אין איהר קורצער רעדע פאַרזיכערט דעם פאַרזאַמעלטען עולם, אַז דער דייטשער אַרבייטער קלאַס און די דייטשע טרייד יוניאָנס זיינען אומפאַרניכטבאַר, און אַז עס וואַקסט אין דייטשלאַנד די אונטערערדישע אַרבייטער באַוועגונג, וועלכע גראָבט אַ טיפען קבר פאַר דעם בלוטיגען היטלער־רעזשים, — איז די מאַסע עלעקטריזירט געוואָרען פון פרייד און באַגייסטערונג.

אַחוץ אַ גרויסע צאָהל לאָקאַלע רעדנער, פאַרטרעטער פון פאַרשיידענע יוניאָנס און פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס, האָבען אויך גערעדט הערבערט פּ. מאָריסאָן, פיהרער פון דער אַרבייטער פּאַרטיי אין ענגלאַנד, און וויקטאָר ווילאַסענאָר, וועלכער האָט געבראַכט די סאָלידאַריטעטס־גרוסען פון דער פעדערישאָן אָוו לייבאָר אין מעקסיקאָ.

עס איז געוועזן אַזאַ אימפּאָזאַנטע און גייסטרייכע מאַי־פייערונג, אַז זי וועט בלייבען פאַר אַ לאַנגער צייט אין זכרון פון אַלע אַנטיילנעמער. אַ גרויסע אַנערקענונג פאַר דעם ערפאָלג פון דער פייערונג קומט די אַרטיסטישע גרופּען פון דער אינטערנעשאָנאַל און דער ספּאָרט־אַפּטיילונג פון אונזער יוניאָן, וועלכע האָבען דעם מוזיקאַליש־דראַמאַטישען פּראָגראַם געגעבען אַ פּראָלעטאַרישען איינהאַלט.

---

### הילף פאַר אינסטיטוציעס.

און אַנדערע אָרגאַניזאַציעס, איז באַשלאָסען געוואָרען צו באַטראַכטען אויף דעם מיטינג פון דער באָארד בעפאָר דער קומענדער קאָנווענשאָן.

### קומענדע קאָנווענשאָן פון דער אינטערנעשאָנעל

וויס פּרעזידענט אַנטאָניני, נאַגלער צימערמאַן, גרינבערג און פּערלמוטער זיינען באַשטימט געוואָרען צו רעקאָמענדירען די קאָנווענשאָן־שטאָט צו דעם קומענדען מיטינג פון דער גענעראַל עקזעקוטיוו באָארד.

### קלאָוק־אַמאַלגאַמייטעד „אָווערלעפּינג".

באַשלאָסען געוואָרען צו שיקען אַ קאָמוניקאַט צו דער גענעראַל עקזעקוטיווע פון דער אַמאַלגאַמייטעד, וואָס זאָל אָנווייזען אויף דעם ערנסטען צושטאַנד, וואָס עקזיסטירט דורך דעם פאַקט, וואָס פרויען גאַרמענטס ווערען פּראָדוצירט אין מענער שעפּער און פאַרלאַנגען זייער פולע קאָאָפּעראַציע צו לעזען דעם אָנגעווערהטאָנטען פּראָבלעם.

### אינטערנעשאָנעל לייבעל

די ג. ע. ב. רופט אירע לאָקאַלס און דזשאָינט באָארדס ו שטיצן די באַוועגונג פאַר דעם געברויך פון יוניאָן ייבעל. סלאָוס אָרגאַניזאַציעס דאַרפען געבען זייער פולע א נטערשטיצונג צו דער נאַציאָנאַלער קאָוט און סוט איינד סטריע רעקאָווער באָארד און דעם קאָנסומערס פּראָטעקי וו לייבעל.

### גענעראַל סטרייק אין לאָס אַנדזשעלעס

אונטערשטיצען דעם גענעראַל סטרייק אין דער לאָס אַנדזשעלעס דרעס אינדוסטריע, אויב די באַלעבאַטים וועלען ניט וועלען אויף אַ פרידליכען אופן קומען צו אַ פאַרשטענדיגונג מיט דער יוניאָן.

### נייער יוניאָן דעפּאַרטמענט

שאַפונג פון אַ יוניאָן דעפּאַרטמענט פאַר מיסילינאום טריידס איז איבערגעגעבען געוואָרען צום הויפּט אָפיס פון אינטערנעשאָנעל.

### איטאַליענישער האָספּיטאַל

איבערגעגעבען געוואָרען צום הויפּט אָפיס צו באַטראַכטען צוזאַמען מיט לאָקאַל 89 און 48 אַ פּלאַן פאַר עטאַבלירען אַ איטאַליענישען פּאָלקס האָספּיטאַל.

### אָווערטיים

פאַרבאָטען צו אַרבייטען אָווערטיים אין אַלע מאַרקעטס. אין אַ נויט פאַל האָבען די באַטרעפענדע אָרגאַניזאַציעס אַ רעכט אויפצונעמען די פראַגע מיט דעם פּרעזידענט און אַנטשיידען.

### אַרבייטער קאַרניוואַל

אינדאָרסירט דעם אַרבייטער וועלט־ספּאָרט קאַרניוואַל פון אידישען אַרבייטער קאָמיטעט.

### שטיצע פאַר קאַמפּיין פון שטאָל אַרבייטער

איבערגעגעבען געוואָרען דער ניו יאָרקער דזשאָינט באָארד צו האַנדלען.

### פּרעזידענט דובינסקי

איז דעלעגירט געוואָרען אַנטייל צו נעמען אין דער קאָנפערענץ פון אינטערנאַציאָנאַלען צענטער פאַר אַרבייטער בילדונג און אין דעם מיטינג פון דער ביוראָ פון אינטערנאַציאָנאַלען באַקלידונגס פאַרבאַנד, וואָס וועט פאָרקומען אין לאָנדאָן אין מאָנאַט יולי, 1936.

די צווייטע זיצונג פון דער גענעראַל עקזעקוטיווע אין סאַן פראַנציסקאָ, וואָס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען שת, איז כמעט אין גאַנצען פאַרנומען געוואָרען מיט דער פראַגע וועגען מיטהעלפען אין דעם וואַהל־קאַמף פאַר דער ווידערערוועהלונג פון רוזוועלט'ען, וועגען וועלכער עס האָט זיך אַנטוויקעלט אַ גאַנץ הייסע דעבאַטע.

אַנגעפאַנגען האָט זיך די דעבאַטע מיט אַ צושריפט פון וויס פרעזידענט לואידזשי אַנטאָניני אין נאָמען פון לאָקאַל 89 דרעסמאַכער יוניאָן, וואָס פאָדערט אויף די גענעראַל עקזעקוטיווע, אַז די אינטערנעשאַנאַל זאָל זיך אַנשליסען אָן דער אונפּאַרטייאישער אַרבייטער ליג, וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרען פון מידזשאָר בערי, דזשאָן לואיס און סידני הילמאַן פאַר רוזוועלט'ס ווידערערוועהלונג.

דער פאָרשלאַג האָט געפונען צווישען די מיטגלידער פון דער גענעראַל עקזעקוטיווע הייסע פאַרטיידיגער, אָבער ניט ווייניגער הייסע געגנער און די דעבאַטע האָט אָנגענומען אַ גאַנץ ליידענשאַפטליכען כאַראַקטער. נאָר אין מיטען דער היץ פון דער דעבאַטע האָט פרעזידענט דובינסקי פאָרגעשלאָגען די פאָלגענדע רעזאָלוציע:

„נעמענדיג אין אַנבאַטראַכט וואָס אונזער יוניאָן האָט ביי פריהערדיגע קאָנווענשאַנס ערקלערט, אַז מיר זיינען פאַר אומאָפּהענגיגער פּאָליטישער אַקציע מצד די אַרבייטער, און אַזוי ווי מיר ווילען הײַ־יאָהר ניט אָפּהאַלטען קיין קאָנווענשאָן, רעכענען מיר, אַז מיר האָבען ניט דאָס רעכט אין נאָמען פון דער גאַנצער מיטגלידערשאַפט אָפיציעל צו אינדאָרסירען די ווידער־ערוועהלונג פון פרעזידענט רוזוועלט. מיר באַגרייפען אָבער אין דער זעלבער צייט, אַז אין אונזער יוניאָן זיינען פאַראַן פילע מיטגלידער, וועלכע האָבען שטאַרקע סימפּאַטיעס מיט דער באַוועגונג, וואָס איז געשאַפען געוואָרען פון דער אונפּאַרטייאישער אַרבייטער ליג צו העלפען פרעזידענט רוזוועלט ווידער ערוועהלט צו ווערען, ווייל זיי גלויבען, אַז די ווידער־ערוועהלונג פון רוזוועלט'ן וואָלט געמיינט אַ זיג פאַר די פּראָגרעסיווע שטרעמונגען איבער'ן לאַנד און אַ זיג איבער די כחות פון רעאַקציע, וואָס ווילען געבען אַ טויט־קלאַפּ אַלע ליבעראַלע פּלענער פון רוזוועלט'ען און ווייל זיי האָפען און גלויבען, אַז דער קאַמף פון דער אומפּאַרטייאישער ליג פאַר דער ווידער־ערוועהלונג פון רוזוועלט'ען וועט זיך ענדליך אויסקריסטאַליזירען אין אַ באַוועגונג פון אונאָפּהענגיגער אָרגאַניזירטער אַרבייטער־פּאָליטיק.

מיר גלויבען דעריבער, אַז דער וואונש פון אַ סך פון אונזערע מיטגלידער צו שטיצען די קאַנדידאַטור פון רוזוועלט'ן איז ריכטיג אָפּגעשפּיגעלט געוואָרען אין דער ערקלערונג פון פרעזידענט דובינסקי און פון אַנדערע פירער פון אונזער יוניאָן וועגען אַקטיווער באַטייליגונג אין דער אַרבייט צו ווידער־ערוועהלען רוזוועלט'ען פאַר פרעזידענט.

די גענעראַל עקזעקוטיווע האָט באַשלאָסען איבערצוגעבען די פראַגע וועגען פינאַנציעלער שטיצע פאַר דער אונפּאַרטייאישער אַרבייטער ליג צו דער פינאַנס־קאָמיטע.

נאָך אַ לענגערער באַנייטער דעבאַטע איז די פאָרגעשלאָגענע רעזאָלוציע, וועלכע איז געשטימט געוואָרען אין צוויי טיילען, אָנגענומען געוואָרען.

⁂

עס פאַרשטעהט זיך, אַז אויך די יוניאָן אין סאַן פראַנציסקאָ האָט געמאַכט אַ באַנקעט פאַר דער גענעראַל עקזעקוטיווע און זעהר אַ שעהנעם און אינטערעסאַנטען באַנקעט. דאָס איז געווען שבת אָוונד. דער מוזיקאַלישער און אונטערהאַלטונגס טייל פון באַנקעט איז אין גאַנצען אויסגעפירט געוואָרען פון די מיטגלידער פון דער יוניאָן און פולשטענדיג אינטערנאַציאָנאַל — געזאַנג אין איטאַליעניש, שפּאַניש, רוסיש און ענגליש; טענץ אין שפּאַניש; רעדעס אין אַמעריקאַנער ענגליש, אין אידישע ענגליש און אין איטאַליענישע ענגליש.

נאָך אַ קורצען באַזוך אין יאָסעמיטי פּאַרק האָט זיך די גענעראַל עקזעקוטיווע אָפּגעזעגענט מיט קאַליפאָרניע און געפאָרען אַהיים.

# אָנגענומענע באַשלוסען פון ג. ע. ב. אין לאָס אַנדזש. און סאַן פראַנציסקאָ

**50,000 קאַמפּיין.**

באַשלאָסען אַנערקענונג פאַר אַלע לאָקאַלס און דזשאָינט באָרדס פאַר שטיצע און קאָאָפּעראַציע.

**צוזאַמענאַרבייט פון אַלע נידעל טריידס.**

גוטגעהייסען דעם באַריכט פון דער קאָמיטע, אַז איצט איז ניט די צייט צו ווירקען פאַר אַזאַ פאַראייניגונג.

**באַריכט וועגען בילדונגס־טעטיגקייט.**

דער בודזשעט פאַר בילדונגס־טעטיגקייט אין 1936 איז געהעכערט געוואָרען אויף 75 טויזענד דאָלער. רעקאָמענדאַציע פון דער אינטערנעשאַנאַל קאָמיטע אַז די אינטערנעשאַנאַל זאָל פאַרוואַלטען דעם לייבאָר סטודיאָ טעאַטער אַלס אַן אייגענע אינסטיטוציע, איז גוטגעהייסען געוואָרען. עס איז אויך באַשלאָסען געוואָרען צו געבען אַ פּרייז פאַר די צוויי בעסטע פּיעסען פון אַרבייטער לעבען אויף דער סומע פון צוויי און איין טויזענד דאָלער. צו אָרגאַניזירען און דורכצופיהרען די איינצעלהייטען פון קאָנטעסט איז איבערגעגעבען געוואָרען דעם בילדונגס־דעפּאַרטמענט.

**וועגען פאַרלאַנג פון דער יוניאָן אין סיאַטעל.**

איז באַשלאָסען געוואָרען זיי באַהילפיג צו זיין אין אָרגאַניזירען דעם דרעס טרייד. אַנצושטעלען דאָרט אַ ספּעציעלען אָרגאַניזער פאַר דעם צוועק און עס איבערגעבען דעם פרעזידענט צו באַשליסען ווען עס איז פּאַסיג עס צו טאָן.

**וועגען היימסטעאַד פּראָיעקט.**

האָט די באָארד גוטגעהייסען דעם בריף, וואָס פרעזידענט דובינסקי האָט געשיקט צו דער ריסעטלמענט אַדמיניסטראַציע און האָט באַשלאָסען אַז פרעזידענט דובינסקי און די קלאָוק דזשאָינט באָארד אין ניו יאָרק זאָלען פיהרען ווייטערע פאַרהאַנדלונגען אויב דאָס וועט זיין נויטיג.

**וועגען יוניאָן יום־טוב אין סט. לואיס.**

וואָס וועט פאָרקומען דעם 3טען יולי, 1936, איז באַשלאָסען געוואָרען צו דאַנקען פאַר די איינלאַדונג און וויס־פרעזידענט מאָריס ביאַליס פון שיקאַגאָ איז באַשטימט געוואָרען ביי די פייערונגען צו פאַרטרעטען די גענעראַל באָארד.

**לאָקאַל יוניאָן אין דעקאַטור**

פאַרלאַנגט אָרגאַניזאַציע הילף און עס איז באַשלאָסען געוואָרען צו געבען דאָס פולע רעכט דעם גענעראַל אָפיס דאָרט צו באַנייען אָרגאַניזאַציע אַרבייט ווען ער וועט געפינען פאַר פּאַסיג.

**פאַרלאַנג פון לאָקאַל 31**

אַנגעשלאָסען צו ווערען אָן דער ניו יאָרקער דרעס דזשאָינט באָארד איז איבערגעגעבען געוואָרען צו פרעזידענט דובינסקי און דעם ניו יאָרק דרעס דזשאָינט באָארד.

**גענעראַל סטרייק פון ניט־גודס מאַכער**

איז אויף דעם פאַרלאַנג פון ניו יאָרקער דזשאָינט קאָונסיל אינדאָרסירט געוואָרען אין פאַל די יוניאָן וועט ניט קענען קומען צו פרידליכער פאַרשטענדיגונג מיט די באַלעבאַטים. די באָארד האָט אויך צוגעזאָגט איר פולע פינאַנציעלע און מאָראַלע שטיצע.

**אָרגאַניזאַציאָנס קאַמפּיינס**

אין מיסעליניאָוס טריידס, אין איסטערן אויט־אָוו־טאָון דיסטריקטען, איבערגעגעבען געוואָרען דעם גענעראַל אָפיס מיט פולען האַנדלונגס רעכט. דאָס זעלבע איז חל אויף דער ניט־גודס אינדוסטריע אין אַנדערע מאַרקעטס.

**מוני און בילינגס פאַרטיידיגונג**

באַשלאָסען געוואָרען צו באַוויליגען 500 דאָלער פאַר דיזען צוועק און צו באַזוכען זיי אין פּריזאָן.

**הילף פאַר דער „ניגראָ לייבאָר קאָמיטע"**

באַשלאָסען געוואָרען עס איבערצוגעבען דער ניו יאָרקער באָארד.

ראנטירט דורך דער מלוכה, און צולעצט האט ער אויסגעדריקט די האפנונג אז עס זאל נאר אין גיכען ווערען א סאציאליסטישע מאסען-באוועגונג אין אמעריקא.

די אינטערנעשאנאל און אלע איהרע ניו יארקער ארגאניזאציעס האבען זיך אקטיוו באטייליגט אין אלע אונטערנעמונגען אויף וועלכע מאריסאן איז ארויסגעטראטען.

## ניט גודס מאכער גרייטען זיך צום קאמף

די ניו יארקער ניט-גודס מאכער יוניאן גרייט זיך צו א קאמף מיט די באלעבאטים פאר דער איינפיהרונג פון א 35-שטונדיגער ארבייטס-וואך.

די פראגע וועגען א גענעראל-סטרייק איז דעם 3טען דזשון אויפגענומען געווארען אויף א ספעציעלען מיטינג פון די שאפ-טשערליים פון דער ניט-גודס אינדוסטריע.

ווען עס איז פארגעליינט געווארען דער באשלוס פון דער דזשענעראל עקזעקוטיוו באארד, אז זי אינדארסירט דעם גענעראל-סטרייק אין דער אינדוסטריע אין ניו יארק, און אויך וועגען דעם ארגאניזאציאנס-דרייוו אויסער ניו יארק און אז די באארד האט באוויליגט די סומע פון הונדערט און פופציג טויזענט דאלאר פאר דעם צוועק, האט דאס ארויסגערופען פיל פרייד.

עס איז ביי דעם מיטינג ארגאניזירט געווארען א פרייוויליגע ארגאניזאציאנס-קאמיטע פון עטליכע הונדערט מיטגלידער, וואס האבען גלייך אנגעפאנגען די ארבייט פון מאביליזאציע. עס איז אויך באשלאסען געווארען צו אפאינטען ברודער ראפאפארט אלס ארגאנייזער, צו העלפען אין דעם ארגאניזאציאנס-קאמפיין צווישען די ניט-גודס ארבייטער.

עס איז אויך באשלאסען געווארען אויסצודריקען א דאנק דער דזשענעראל עקזעקוטיוו באארד פון דער אינטערנעשאנאל לידיס גארמענט ווארקערס יוניאן, אין נאמען פון אלע מיטגלידער, פאר די באשלוסען צו העלפען די ניט-גודס ארבייטער אין זייער קומענדען קאמף, און עס איז זיכער, אז די באשלוסען וועלען דורכגעפיהרט ווערען אין לעבען, אזוי ווי אלע באשלוסען פון דער אינטערנעשאנאל.

## קאמפס און בילדונגס טעטיגקייט

דער גרויסער קאמפס- און בילדונגס-כאראקטער פון דער אינטערנעשאנאל ווערט היינטיגס מאל זעהר ברייט אפגעשפיגעלט אין דעם באריכט פון דעם מיטינג פון דער דזשענעראל עקזעקוטיוו-באארד, וואס איז נאר-וואס אפגעהאלטען געווארען אין קאליפארניע. דא ווילען מיר בלויז בקיצור פראטאקאלירען א גאנצע ריי פאסירונגען, וואס זיינען פארגעקומען שוין נאך דעם מיטינג פון דער באארד.

א שעהנעם זיג האט אפגעהאלטען ברודער מאיר פערלשטיין, דער פארטרעטער פון דער אינטערנעשאנאל אין דער סאוט און מיטעל-וועסט. נאך א לאנגען קאמף, וואס האט געדויערט העכער א יאהר צייט, איז איהם ענדליך געלונגען איינצונעמען די בולווארד פראק קאמפאני אין מינעאפאליס, וועמעס פעקטארי רעכענט זיך פאר איינע פון די גרעסטע אין דער קאטען גארמענט אינדוסטריע איבער דעם לאנד. די פירמע באשעפטיגט 500 ארבעטער בעת דעם גאנצען יאהר און ארום 700 אין סעזאן-צייט. דער זיג איבער דער ניט-יוניאן פעסטונג וועט האבען א קאלאסאלע באדייטונג פאר דער יוניאניזירונג פון דער אינדוסטריע אין דער מיטעל-וועסט און סאוט.

* * *

ברודער פערלשטיין פיהרט אויך איצט אן א קאמף אין סאן אנטאניא, טעקסעס, וואו הונדערט דרעסמאכער זיינען ארויס אין סטרייק געגען דער דראטי פראקס פירמע פון סילק דרעסעס. די סטרייקער זיינען מעקסיקאנישע מיידלאך, וועלכע ארבייטען 45 שטונדען א וואך פאר 7 און 8 דאלאר. די סטרייקער פאדערען מינימום-ווידזשעס און א 35-שטונדיגע ארבייטס-וואך.

* * *

אין אראנדזש, ניו דזשוירזי, האט שוועסטער סידי רייך געוואונען א סטרייק, וואס איז געפירט געווארען פון אונזער אוט-אורטאון דעפארטמענט איבער די נייט-קרעסענט פאדזשאמא מאנופעקטשורערס, וועלכע האט געוואלט שניידען ווידזשעס און פארשלעכטערען אלע אנדערע ארבייטס-באדינגונגען.

* * *

צוזאמען מיט קאמף געהט די פרייד פון אונזערע ארגאניזאציעס איבער פארשיידענע ערפאלגען, דערגרייכונגען און ארבייטער-אינטערעסען.

אין פליינפילד, נ. דזש., האט אונזער יוניאן געפייערט דעם ערשטען מאי יום-טוב צוזאמען מיט דער אינסטאלליישאן פון די נייע באאמטע.

לאקאל 38 האט פרייטאג, דעם 1טען מאי, געפייערט דעם ארבייטער יום-טוב מיט א שעהנעם באנקעט אין גרויסען וועבסטער-האל. בייטאג האט די מיטגלידערשאפט דעמאנסטרירט די אינטערנאציאנאלע סאלידאריטעט אין פאלא גראונדס און אין אווענט איז די גאנצע יוניאן-משפחה זיך צוזאמענגעקומען אין וועבסטער האל, וואו זיי האבען געמיטליך פארבראכט זינגענדיג פאלקס-לידער און רעוואלוציאנערע ארבייטער-לידער. ברודער דזשייקאב, דער מענעדזשער פון לאקאל, איז געווען דער טאסט-מאסטער. צווישען די רעדנער איז געווען דער ערשטער בירגער פון דער אינטערנעשאנאל, ברודער דוד דובינסקי.

פרייטאג, דעם 8טען מאי, האט די קארסעט-מאכער יוניאן ארגאניזירט א שעהנעם אווענט פאר איהר מיטגלידערשאפט אין האטעל ליסמאר, וואו די פיהרערשאפט געווען.

## אינדזשאנקשאן זיג פון אינטערנעשאנעל אין קאליפארניע.

אונזער סאן פראנציסקאן דרעסמאכער יוניאן האט זיך געווענדעט צום סופריאר קאורט דזשאדזש י. ל. העריס נאך אן אינדזשאנקשאן געגען דעם דרעס מאנופעקטשורער ל. האנדעלסמאן, ער זאל ניט קענען באשעפטיגען ניט-יוניאן ארבייטער און ניט שיקען זיין ארבייט אין טשיינאטאון, צו די כינעזישע נאן-יוניאן קאנטראקטארס, אויפצומאכען זייערע ארדערס, און דזשאדזש העריס, נאכדעם ווי ער האט אויסגעהערט גרינדליך די טענות פון ביידע צדדים האט דעם אינדזשאנקשאן געגען דעם מאנופעקטשורער ארויסגעגעבען און די יוניאן איז ארויס זיגרייך.

עס איז פיליייכט ניט דאס ערשטע מאל אין דער געשיכטע פון דער ארבייטער באוועגונג אין קאליפארניע, אז א יוניאן זאל פאדערען אן אינדזשאנקשאן געגען א מאנופעקטשורער, וועלכער האט געבראכען דעם יוניאן אגרימענט. עס איז אבער זיכער דאס ערשטע מאל, אז א יוניאן זאל ארויסקומען זיגרייך און זאל אזא אינדזשאנקשאן קריגען.

מר. האנדעלסמאן האט מיט א יאהר צוריק געסיינט אן אגרימענט מיט דער אינטערנעשאנעל לידיס גארמענט ווארקערס יוניאן און לוים דעם אגרימענט, איז ער געווען פארפליכטעט צו באשעפטיגען נאר יוניאן לייט, און אויב ער מוז שיקען זיין ארבייט צו קאנטראקטארס, דארפען די קאנטראקט-שעפער אויך זיין יוניאן שעפער און אנערקענט פון דער יוניאן. האט זיך אבער דעם מר. האנדעלסמאן פארגלוסט א לייכטער פארדינסטעל. ער האט געוואוסט, אז אין די אונטערערדישע שעפער פון סאן פראנציסקער „טשיינאטאון" ארבייטען כינעזישע מיידלעך ביליג און די כינעזישע קאנטראקטארס קענען לייכט קאנקורירען מיט די יוניאן קאנטראקטארס, האט ער פיל ניט געקלערט, האט פארגעסען אז ער האט געסיינט א יוניאן אגרימענט מיט דער „אינטערנעשאנעל", וועלכער ענדיגט זיך ערשט דעם ערשטען דזשון, 1937, און האט די „באנדלעך" אנגעפאנגען שיקען צו די כינעזער.

די דרעסמאכער יוניאן, ניט קענענדיג קומען צו א פריינדליכער פארשטענדעניש מיט'ן מאנופעקטשורער, האט זיך געווענדעט אין קאורט, צו צווינגען דעם מר. האנדעלסמאן אפהיטען דעם געסיינטען אגרימענט.

דער יוניאן לאיער, מר. מאריס ל. קרופ, האט אין זיינע ארגומענטען פאר אן אינדזשאנקשאן באהויפטעט, אז אין דער היינטיגער מאדערנער צייט איז מען געצווינגען צו „קאלעקטיווע בארגענינג", און צו אגרימענטס צווישען יוניאנס און אונטערנעמער. מיט דעם וואס א יוניאן סיינט

## אנטי פאשיסטישע אונטערנעמונג אין מעדיסאן סקווער גארדען

די ערשטע מאי פייערונגען האבען היי יאהר געטראגען אן אנטי פאשיסטישען כאראקטער. א דאנק דעם איניציאטיוו פון אונזער אינטערנעשאנאל און באזונדערס א דאנק דעם אומדערמידליכען אינטערעס פון פרעזידענט דובינסקי אין דער שאפונג און טעטיגקייט פון דעם „לייבאר טשעסט” צום קאמף מיט דעם פאשיזם אין אייראפא, באגנוגענט זיך די ארבייטער באוועגונג אין אמעריקא ניט בלויז מיט פראטעסטען נאר די ארגאניזירטע ארבייטער־באוועגונג אונטער דער אפיציעלער פיהרונג פון דער א. פ. אוו ל. שאפט אויך די פינאנציעלע מיטלען פאר דעם באפרייאונגס־קאמף פון אונזערע אונטערדריקטע ברידער און הילפס־מיטעל פאר די קרבנות פון פאשיזם און נאציזם.

באלד נאך דער ערשטער מאי פייערונג אויף די פאלא גראונדס, איז זונטאג, דעם 3טען מאי, פארגעקומען א ריזיגע אנטי־נאצי מאניפעסטאציע אין מעדיסאן סקווער גארדען, ארגאניזירט פון דעם „לייבאר טשעסט” פון דער אמעריקען פעדערישאן אוו לייבאר.

די אנטי־נאצי אונטערנעמונג אין מעדיסאן סקווער גארדען איז אין יעדער באציהונג געווען א ריזיגער און אימפאזאנטער ערפאלג. אחוץ דעם וואס עס איז געשאפען געווארען א פראפיט פון 20 טויזענד דאלער פאר דעם אנטי־נאצי קאמף האט די אונטערנעמונג געהאט א גרויסען מאראלישען ווערט, ווייל דורך די רעדעס פון וויליאם גרין און מעיאר לאגווארדיא איז דער פאשיזם פאראורטיילט געווארען פון 5 מיליאן ארגאניזירטע ארבייטער און פון דער בירגערשאפט פון דער גרעסטער וועלט־שטאט.

זאל דא דערמאנט ווערען, אז די אינטערנעשאנאל־ארגאניזאציעס אין ניו יארק און ברודער דובינסקי, דער טרעזשורער פון לייבאר טשעסט, האבען דורך זייער פלייס און ווערטפולער ארבייט א גרויסען חלק פארדינסט אין דעם ריזיגען ערפאלג פון דער אימפאזאנטער אנטי־נאצי אונטערנעמונג.

דער שיקאגא סימפאניע־ארקעסטער, גאלדמאנס דזשעז בענד און די גרויסע צאהל ערשט־קלאסיגע קינסטלער, וועלכע האבען זיך באטייליגט אין דעם אומגעוועהנליך רייכען מוזיקאלישען פראגראם זיינען צוגעשטעלט געווארען פון דער „מיוזישענס יוניאן” אין גאנצען אומזיסט.

## מאיר לאנדאנ'ס צענטער יאהרצייט.

שבת, דעם 6־טען יוני, איז געווארען 10 יאהר ווי מאיר לאנדאן איז פון אונז אוועקגעריסען געווארען אויף אזא טראגישען אופן. קיינער פון אונז, וואס האבען מיט איהם געארבייט האבען דאן ניט געקאנט און געוואלט גלויבען אז די דינאמישע, שטורמישע נשמה פון מאיר לאנדאן האט אויפגעהערט צו עקזיסטירען. און פונקט אזוי ווי מיר האבען דעמאלט ניט געקאנט באגרייפען דעם אומזין פון שיקזאל, אזוי קענען מיר איצט בשום אופן ניט גלויבען, אז עס זיינען שוין פארפלאסען צען יאהר זינט לאנדאן איז ניט מער מיט אונז; דאס זיין רייכע ערידיציע האט אונז אויפגעהערט צו באצויבערען. מיר הערען נאך איצט די שטימע פון אונזער פאלקס־טריבון ווי זי קלינגט מיט אויפריכטיגקייט און גייסטרייכקייט, מיט ליבע און מיט צארן, מיט באלערונג און שטראפונג, ווי עס לויבט א פאטער זיינע קינדער פאר גוטע מעשים און שטראפט זיי פאר שלעכטע טאטען.

לאנדאן איז געווען דער אונגעשמיקטער, עכטער העלד פון לעבעדיגען ראמאן: די איסט סייד פון ניו יארק, וואס איז אנגעפילט מיט אזא רייכען העראאישען קאמף פאר רעכט פון די פאראָרימטע, עקספלואטירטע סוועטשאפ קרבנות. מיליאנען ווערטלאזע ראמאנען ווערען פארגעסען צוזאמען מיט זייערע העלדען. בלויז געצעהלטע קונסטווערק מיט עכטע כאראקטערע בלייבען אומפארגעסליך. דאס זעלבע איז מיט מענשען אין דעם ראמאן פון לעבען. מיליאנען ווערען פארגעסען און בלויז איינצעלנע דעראבערען דורך זייער כאראקטער, פערזענליכקייט, און טאטען די אומפארגעסליכקייט, די אומשטערבליכקייט.

מאיר לאנדאן איז דער העלד פון דער איסט סייד, וואס וועט קיינמאל ניט פארגעסען ווערען.

היינט צען יאהר נאך זיין טויט איז ער אין אונזערע הערצער אומשטערבליך און זיין גייסט וועט שטענדיג לעבען אין אונזערע נשמות.

לאנדאן איז געווען דער העלד פון דעם לעבעדיגען ראמאן, אין וועלכען די ארימע און דערשלאגענע האבען געקעמפט פאר פרייהייט און סאציאליזם.

מיט זיינע געזעלשאפטליכע טאטען און מיט זיין פערזענליכען לעבען האט ער אויסגעאיידעלט די ארבייטער, באַרייכערט אונזער סאציאליסטישען אידעאל און פארשעהנערט די עפאפעע פון דער איסט סייד — דעם ראמאן פון דער אידישער ארבייטער באוועגונג.

***

זונטאג, דעם 7טען יוני, האט די אידישע ארבייטער־באוועגונג אין ניו יארק געפייערט לאנדאנס אנדענק אין פארבינדונג מיט זיין צענטען יאהרצייט דורך א גרויסען טרויער־מיטינג ביי לאנדאנ'ס קבר. טויזענטער ארבייטער זיינען געקומען צום טרויער־מיטינג. פרעזידענט דובינסקי און די גאנצע באארד זיינען געווען אויף דעם וועג פון קאליפארניע קיין ניו יארק. די מיטגלידערשאפט פון דער אינטערנעשאנאל איז אבער געווען זעהר צאהלרייך פארטראטען. אויף דעם פארלאנג פון פרעזידענט דובינסקי, האט דער הויפט־אפיס פון דער אינטערנעשאנאל געלעגט א קראנץ בלומען אויף לאנדאנ'ס קבר. בלומען זיינען אויך געלעגט געווארען פון דער קלאוק מאכער און דרעס דזשאינט באארד און פון פילע אינטערנעשאנאל לאקאל יוניאנס.

צווישען דער גרויסער צאהל רעדנער, וואס האבען פארטראטען די טרייד און סאציאליסטישע באוועגונג, זיינען אויך געווען לואיס לאנגער און פיליפ קאפ, די סעקרעטערע פון קלאוק און דזשאינט באארד.

***

אין דעם זעלבען טאג איז אויך אויסגעפאלען דער פערטער יארצייט פון בנימין שלעזינגער, לאנג־יאריקער פרעזידענט פון אונזער אינטערנעשאנאל. שלעזינגער ליגט אין שכנות מיט מאיר לאנדאן אין דער עהרען־ריי פון דער ארבייטער רינג סעמעטערי. דער הויפט אפיס פון דער אינטערנעשאנאל, דער קלאוק דזשאינט באארד, די דרעס דזשאינט באארד האבען דורך פארטרעטער געלאזט ארויפלעגען בלומען אויף דעם קבר פון דעם פארשטארבענעם פרעזידענט פון אונזער ארגאניזאציע.

## הערבערט מאריסאנ'ס באזוך אין אמעריקא און די אינטערנעשאנאל

הערבערט מאריסאן, איינער פון די פראמינענטסטע פיהרער פון דער בריטישער ארבייטער פארטיי, האט פארבראכט א מאנאט צייט אין אמעריקא און איז ארויסגעטראטען אין עטליכע שטעדט מיט וויכטיגע רעדעס וועגען דער ענגלישער ארבייטער־באוועגונג, וועגען דעם קאמף מיט פאשיזם און וועגען אנדערע וויכטיגע פראגען. מאריסאן איז אויך ארויסגעטראטען אויף דעם ערשטען מאי מיטינג אין פאלא גראונדס, וועלכער איז ארגאניזירט געווארען פון דער אינטערנעשאנאל.

מאריסאן האט אין אלע זיינע ארויסטרעטונגען גערעדט וועגען דער וויכטיגקייט פון דער דעמאקראטיע פאר דעם זיג פון סאציאליזם און פאר דעם קאמף מיט פאשיזם. ער האט ארויסגעבראכט דעם געדאנק, אז ניט נאר די פאשיסטישע דיקטאטור איז שעדליך, נאר אויך די דיקטאטור פון די קאמוניסטען, וועלכע ווערט באנוצט פאר אידעאליסטישע צוועקען, איז אויך שעדליך, ווייל זי בארעכטיגט מאראליש אנדערע דיקטאטורען. דעריבער איז די ענגלישע ארבייטער־פארטיי געגען א צוזאמענארבייט מיט די קאמוניסטען, ווייל אלס אנהענגער פון דיקטאטור זיינען זיי א קאמפרימעטאציע פאר דעם ארבייטער־קלאס און א שטערונג פאר זיין קאמף געגען די בארבארישע דיקטאטורען פון די פארשיידענע פאשיזמען. אויף זיין געזעגנונגס־באנקעט אין האטעל וויקטאריא האט מאריסאן אויך גערעדט וועגען אמעריקא. ער האט זיך געוואונדערט און קריטיקירט די גרויסע מאכט, וואס עס האט ביי אונז דער סופרים קאורט. ער האט גראטולירט די א. פ. אוו ל., ווייל זי האט ענדליך אנגעפאנגען צו פארשטעהן די וויכטיגקייט פון אן ארבייטער־געזעצגעבונג נא־

# אין דער יוניאן און אין טרייד

פון לואיס ע. לאנגער, סעקרעטאר
ניו יארק דזשאינט באארד קלאוקמאכער יוניאן

די פייערונג פון דעם היינטיגען ערשטען מאי וועלען די וועלכע זיינען געווען אין די פּאלא גראונדס אזוי שנעל ניט פארגעסן. די פּראגרעסיווע ארבייטערשאפט האט נאך אזא גרויסע און הערליכע פייערונג ניט ביינעוואוינט. די פייערונג קאן פארגליכן ווערן צו אן אלבום, ווען מען מישט אים אויף און פארשידענע בילדער לויפען פארביי און פארכאפּען דאס אויג. בלויז א קינסטלער, וועמען די נאטור האט געבענטש מיט דער קראפט צו זעהן בעסער און ווייטער ווי דער דורכשניטליכער מענש, און וועלכער באזיצט דעם חוש צו פארשטעהן דעם מענש, וואס ער דענקט און פילט ווען ער געפינט זיך אין א געטליכער שטימונג, קען אפּמאלען די גרויסע פייערונג.

די פייערונג האט פארגעשטעלט מיט זיך א קאלאסאלע און פארבענריכע בילד. גלייך ווי די טירען פון דעם פּארק האבען זיך געעפענט, האט זיך אנגעפאנגען ציהען אן אונענדליכער שטראם פון יונג און אלט, מאן און פרוי. א ריזיגע מענשען כוואליע האט זיך באוואויגען. געענדיג צו זייערע פלעצער, דיזע ריזיגע קאלירטע מאסע, מיט די „פּענענטס" אין זייערע הענט, האבן זיי געשאפען אן אויסערגעוועהנליכע בילד. די שטימונג איז געווען א יום־טוב'דיגע, טראץ דעם, וואס פילע פון זיי האבען מיט זיך אין הארצען געטראגען די זארג פאר דעם מארגענדיגען טאג. זייערע פנים'ער זיינען געווען גוטמוטיג. זיי זיינען געקומען פייערען דעם ערשטען מאי, זייער יום־טוב.

⁂

ווער עס האט געזעהן דעם קאלאסאלען פארזאמלונגס־פּלאץ מיט די שעהנע דעקאראציעס, די באנערס פון די פארשידענע ארגאניזאציעס, וועלכע האבען אנטייל גענומען אין דער פייערונג און די פּלאטפארמע פון וועלכער אונזערע אייגענע מעמבערס, פרויען און מענער פון די שעפּער האבען געגעבען א גייסטרייכע פארשטעלונג, וועט מיט רעכט קענען זאגען, אז ער האט ביינעוואוינט די גרעסטע ארבייטער דעמאנסטראציע וואס איז ווען עס איז פארגעקומען אין ניו יארק.

דער פּארק האט שוין געזעהן פילע גרויסע קראודס, אבער יענע „קראודס" פארזאמלען זיך דארט צוליב גאנץ אנדערע צוועקען. עס איז א פּארק, וואו עס ווערט געשפּילט בייסבאל און די אמעריקאנער יוגענד, טויזענדער פון זיי קינדער פון אימיגראנטען, קומען אהין שעפּען נחת פון זייערע בייסבאל העלדען.

די מאסע, וואס איז געקומען צו דער ערשטער מאי פייערונג איז געווען זעהר א גרויסע. עס וואלט פאר זיי אלעמען קיין פּלאץ ניט געווען אין דעם גרויסען פּארק, ווען טויזענדער פון די אנוועזענדע, וואס זיינען אהין געקומען אויף דעם רוף פון זייערע ארגאניזאציעס, וואלטען ניט געווען געצוואונגען צו פארלאזען זייערע פּלעצער אידער דער מאססמיטינג האט זיך געענדיגט, און וואלטען פארבליבען דארט ביז דער ענדע.

⁂

עס איז פארשטענדליך, אז מען האט ניט געקאנט ערווארטען, אז אלע פארזאמלטע זאלען אויסזיצען די גאנצע צייט פון דעם מיטינג. פילע פון זיי האבען זיך אוועקגעשטעלט אין ליין נאך אידער די טירען פון דעם פּארק האבען זיך געעפענט, אום צו קענען אהין אריינקומען. פאר זיי וואלט געווען שווער צו פארבלייבען אויף זייערע פּלעצער דעם גאנצען טאג. מיר ווייסען ניט וויפיל אזעלכע זיינען פארבליבען אין פּארק ביז דער מיטינג איז געווען פאראיבער. מיר ווייסען אבער, אז פילע האבען פארלאזט דעם פּארק בלויז א דאנק די ניט־געלונגענע איינריכטונגען אין דעם פּארק גופא.

דער שרייבער פון דעם קאלום איז געווען אין פּארק 9:30 א זייגער אין דער פרי. צעהן א זייגער האבען זיך שוין די לאינס אנגעפאנגען צו פארמירען. אין דעם אויפרוף צו די מעמבערס איז געזאגט געווארען, אז דער פּארק וועט זיך עפענען 11:30, אבער א דאנק די טויזענדער מעמבערס וואס האבען זיך פארזאמלט פאר דער צייט, זיינען מיר געווען געצוואונגען צו עפענען די טירען מיט א שטונדע פריהער. די אלע, וועלכע זיינען געקומען האבען פארנומען זייערע פּלעצער און אזוי שנעל ווי די פייערונג האט זיך אנגעפאנגען, האבען זיי אנגעפאנגען ארויסצוגעהן. מיר האבען געשטעלט די פראגע: ווארום געהען זיי אוועק? דער ענטפער איז געווען, אז מען קאן ניט הערען, ניט די מוזיק, ניט די רעדנער און ניט אונזער כאר. פאר דעם פארדינט די ארגאנזשמענט קאמיטע קריטיקירט צו ווערען. עס איז ניט געווען קיין אורזאכע ווארום די איינריכטונגען זאלען ניט געמאכט ווערען אזוי, אז די פארזאמלטע זאלען קענען האבען דעם געווינשטען גענוס. די קאמיטע, וועלכע האט גענומען דעם פּארק, האט געוואוסט, אז דער פּלאץ איז א גרויסער און אז אום יעדע סעקשאן זאל קענען הערען די רעדנער, די מוזיק און די זינגערס, איז געווען נויטיג איינצוריכטען גענוג עמפּליפייערס אזוי, אז דער קלאנג פון די טענער און די רעדעס זאל זיך קאנען דערטראגען אין יעדען ווינקעל. די קאמיטע האט דאס באדארפט איינזעהן. וואלט זי זיך געווען געווענדעט צום אינזשיניר פון פּארק אויסצוגעפינען וויפיל עמפּליפייערס עס פאדערט זיך פאר אזא גרויסען עולם, וואלט די אומאנגענעמליכקייט און ענטוישונג געקענט פארמידען ווערען. די קאמיטע האט אויך געמאכט א טעות וואס זי האט אראנזשירט א סימפאנישען ארקעסטער. אין א פּארק, וועלכער נעמט ארום א שטח פון עטליכע בלאקס, קענען די טענער פון א סימפאני ארקעסטער ניט דערגרייכען די אויערען פון די טויזענדער פארזאמלטע. פאר אזא גרויסען פּארק פאדערט זיך א בענד פון בלאז־אינסטרומענטען.

די זעלבסט קריטיק איז אין פּלאץ און אין צייט. דער באוועגונג וועט נאך אויסקומען צו האבען גרויסע פייערונגען אין דער צוקונפט, און די ערפארונג וואס מיר האבען געקראגען אין ארגאנזשירען די לעצטע מאי פייערונג וועט אונז דינען אלס א לעסאן פאר דער צוקונפט.

אין אלגעמיין ווילען מיר זאגען, אז די פייערונג איז געווען זעהר א פּרעכטיגע. די מעמבערס פון דער פּראגרעסיווער טריי דיוניאן באוועגונג האבען זיך זעהר שטארק אפּגערופען. זייער אפּרופען זיך באווייזט איין באשטימטע זאך, אז דער איינפלוס פון די יוניאנס איבער זייערע מיטגלידער איז א גרויסער און א שטארקער. זיי הערען זיך צו צו דעם רוף פון זייערע יוניאנס און זיי געהען דארטען וואו זייערע יוניאנס רופען זיי.

⁂

די גענעראל עקזעקוטיוו באארד פון אונזער אינטערנעשאנאל האט זיך פארזאמלט אין לאס אנדזשעלעס אפּצוהאלטען דארט איר פערטעל־יערליכען מיטינג. דער מיטינג, אזוי גוט ווי אלע מיטינגען פון אונזער העכסטען אינסטאנץ, האט פאר זיך פילע וויכטיגע פראגען צו ערלעדיגען. מיר זיינען ניט גענוי באקאנט מיט דעם אינהאלט פון די פראגען, מיר זיינען אבער זיכער, אז זיי אלע האבען צו טאן מיט די פּראבלעמען וואס רירען אן אלע צווייגען פון אונזער אינטערנעשאנאל, אין יעדען מארקעט וואו עס ווערען פּראדוצירט לידיס גארמענטס.

געוויסע מעמבערס וועלען שטעלען די פראגע: „איז עס נויטיג געווען פאר דער גענעראל עקזעקוטיוו באארד אפּצוהאלטען איר מיטינג אויפ'ן פּאסיפישען קאוסט, דריי טויזענד מייל פון ניו יארק?" עס איז נאטירליך, אז אזא פראגע זאל געשטעלט ווערען. אונזער ענטפער איז: „יא!" זייענדיג באקאנט צו וועלכער גרויס אונזער אינטערנעשאנאל איז אויסגעוואקסען, און נעמענדיג אין אכט

אן אגרימענט מיט א מאנופעקטשורער פארפליכטעט זיך די יוניאן פאר די ארבייטער, זיי זאלען ניט סטרייקען און זאלען דעם אפמאך אפהיטען כל זמן דער אגרימענט איז אין קראפט. דאס וואס עס איז גילטיג פאר די ארבייטער מוז, אין דער זעלבינער מאס, אויך זיין גילטיג פאר דעם מאנופעקטשורער. פונקט ווי די יוניאן פארפליכטעט זיך ניט צו רופען קיין סטרייקס כל זמן דער אגרימענט איז אין קראפט, טאר אויך דער מאנופעקטשורער די ווידזשעס ניט קלענער מאכען און די שטונדען פון ארבייט ניט פארלענגערען פאר דער צייט פון עקזיסטענץ פון אגרימענט.

דער סאן פראנציסקער דזשאדזש האט איינגעשטימט מיט די גערעכטע טענות פון דער דרעסמאכער יוניאן.

דאס וואס דער קאורט האט צוגעשטימט צו דער פאדערונג פון דער יוניאן און האט דעם מאנופעקטשורער פארבאטען, דורך אן אינדזשאנקשאן, צו ברעכען דעם אגרימענט מיט דער יוניאן, ווערט באטראכט אלס גרויסער זיג פאר יוניאניזם בכלל אין סאן פראנציסקא און איבער'ן גאנצען סטייט קאליפארניע.

דער דזשאדזש י. ל. העריס האט, ארויסגעבנדיג זיין אורטייל גראטולירט דער יוניאן וואס זי האט זיך געווענדעט אין קאורט נאך גערעכטיגקייט און דערמיט פארמידען סטרייקס, וועלכע פארשאפען אונאנגענעמליכקייטען אויך צו אנדערע, די ניט־קעמפענדע צדדים.

### לאקאל 142 ארגאניזירט קינסטליכע בלומען ארבייטער.

דער ארגאניזאציאנס דראיוו, וואס די ארטיפישעל פלאוער (בלומען) יוניאן פיהרט לעצטענס אן, האט שוין, ווי עס ווייזט אויס, געבראכט די געהעריגע רעזולטאטען.

די ארטיפישעל פלאוער יוניאן איז א צווייג ארגאניזאציע פון דער לידיס נעקווער יוניאן ל. 142, וועלכע האט לעצטענס ארגאניזירט 23 שעפער פון קינסטליכע בלומען.

אין פארבינדונג מיט אט דעם דראיוו, פיהרט די יוניאן אן א זעהר אינטענסיווען אויפקלערונגס־קאמפיין. צוליב דעם האט דער לאקאל אראנזשירט א ראדיא פראגראם יעדען דינסטאג, 8.30 אין אווענט, אויף סטיישאן „דאבעליו אי ווי די”. מענעדזשער דזשאזעף טווויס האלט געוועהנליך וויכטיגע אויפקלערונגס־רעדעס, אין וועלכע ער שילדערט די וויכטיגקייט פון זיין א יוניאן מאן.

די יוניאן ערווארטעט, אז ביז דעם ערשטען דעצעמבער וועט זי האבען 2,500 מיטגלידער.

אויף דעם אלגעמיינעם געביט פון קולטור טעטיגקייט איז דער לאקאל אויך זעהר טעטיג. דער לאקאל האט אראנזשירט קלאסען, אין וועלכע אויגוסט קלעסענס און געהארד זעגער זיינען די אינסטרוקטארען. דער לאקאל האט אויך פילע סטודענטען אין רענד סקול און אנדערע בילדונגס־אינסטיטוציעס.

פאר דעם 22טען אויגוסט האט לאקאל 142 אראנזשירט אן עקסקורשאן צוזאמען מיט די לאקאלס 132 און 10.

דער ארויספאר אין יוניטי הויז איז פארגעקומען דעם 26־טען יוני. אין יולי וועט זיין אן ארויספאר אין קעמפ „גן־עדן”.

דער לאקאל האט אויך געזאמעלט באדייטענדע סומען פאר דעם לאס אנדזשעלעס סאניטאריום, פאר דעם „ארט” און פאר דעם הונגער־פאנד.

### נייער לאקאל אין לאס אנדזשעלעס.

אין לאס אנדזשעלעס איז דעם 27־טען מאי געטשארטערט געווארען א נייער יוניאן לאקאל פון דער אינטערנעשאנעל. אין דעם נייעם לאקאל זיינען ארגאניזירט ארבייטער פון די פארשידענע צווייגען פון דער פרויען באקלידונגס אינדוסטריע און די נייע ארגאניזאציע וועט טראגען דעם פאלגענדען נאמען: לאס אנדזשעלעס לינדזשערי וואירקערס לאקאל 236.

דער נייער לאקאל איז א רעזולטאט פון מאנאטען לאנגער שווערער און פלייסיגער ארבייט מצד אונזער אינטערנעשאנאל ארגאנייזער שוועסטער רעבעקא האלאנד, וועלכע האט אויך געפיהרט די טשער פון מיטינג. וויס־פרעזידענט עליאס רייזבערג האט אין נאמען פון דער אינטערנעשאנעל איבערגעגעבען דעם נייעם טשארטער און וויס־פרעזידענטין י. פיינבערג, ראוז פעסאטא און ארגאנייזער וויליאם בזויז, האבען געהאלטען רעדעס. די נייע יוניאן האט א גרויס פעלד צו ארגאניזירען די פילע טויזענטער מעקסיקאנישע ארבייטער אין דער אינדוסטריע.

לאקאלס 65, 84 און 96 האבען צוגעשיקט באגריסונגען און בלומען.

### ברודער האכמאן, פרעזידענט פון ברוקוואוד קאלעדזש.

אונזער ברודער דזשוליוס האכמאן, וויס־פרעזידענט פון דער אינטערנעשאנעל און גענעראל מענעדזשער פון דרעס דזשאינט באארד איז מיט עטליכע טעג צוריק ערוועהלט געווארען פרעזידענט פון ברואקוואוד קאלעדזש אין קאטאנא, ניו יארק.

ברודער האכמאן איז ערוועהלט געווארען אויפ'ן ארט פון דעם בארימטען סאציאליסט און טרייד יוניאניסט דזשעימס מאורער, וועלכער האט רעזיגנירט פון דעם אמט צוליב קראנקהייט. מאורער איז ערוועהלט געווארען אלס עהרען פרעזידענט פון בארימטען ארבייטער קאלעדזש.

⁂

אין דערזעלבער וואך איז ברודער האכמאן באשטימט געווארען פון פרעזידענט לואיס פון דער אינדאסטריעל יוניאן קאמיטע אלס א מיטגליד פון דער קאמיטע צו ארגאניזירען די מעטאל ארבייטער. האכמאן איז צו דיזען אמט באשטימט געווארען אויף דער רעקאמענדאציע פון פרעזידענט דובינסקי.

---

## אנערקענונג רעזאלוציע.

מיר, די ארבייטער פון די ראיאל קלאוק קא., 370 וועסט 35טע סט., האבען באשלאסען עפענטליך צו באדאנקען אונזער ביזנעס אגענט, ברודער ע. וועטער, און שאפ טשערמאן, א. שולמאן פאר זייער אונשעצבארע ארבייט פאר אונזער שאפ, און פרעזענטירען זיי מיט ווערטפולע מתנות וואס מיר ווינשען אז זיי זאלען עס נוצען געזונטערהייט.

גלייכצייטיג ווילען מיר אויך אויסדריקען א דאנק צו אונזער דיסטריקט מענעדזשער, ברודער נ. קוירצמאן, און צו די אדמיניסטראציע פון לאקאל 117 פאר זייער איבערגעגעבענע ארבייט פאר אונזערע אינטערעסען.

מיר פילען אז די אויבענדערמאנטע האבען כשר פארדינט דעם כבוד וואס אונזער שאפ גיט זיי אפ, און מיר האפען אז זיי וועלען פארזעצען די גוטע ארבייט פאר אונזער אלעמענס וואוילזיין.

י. אזער, לאק. 117
י. ראזענבערג, לאק. 117
דזש. וואנגמאן, לאק. 117
מ. מוישין, לאק. 35.

---

## דאנק רעזאלוציע.

ביי א שאפ מיטינג פון די ארבייטער פון הערמאן לעפקאוויטש אינק. (קלאוק און סוט), איז באשלאסען געווארען אויסצודריקען אונזער הארציקסטען דאנק צו אונזער ביזנעס־אגענט דזשעק פרידמאן און צו מעקס נארדאן, אסיסטענט מענעדזשער פון אינדאסטריעל קאונסיל דעפארטמענט, פאר זייער אונערמידליכער ארבייט, וואס זיי האבען געליסטעט פאר די ארבייטער פון שאפ.

וואסערמאן, לאק. 117
ביינסמאן, לאק. 9
מ. גודמאן, טשערמאן

די קאמיטע.

---

## אנערקענונג רעזאלוציע.

מיר, די פרעסערס פון נילסטיין און לעווינס שאפ, פארזאמעלט דעם 23טען מאי ביי א שיינעם באנקעט, האבען באשלאסען אויסצודריקען א דאנק צו אונזער טשערמאן, ברודער ליבאוו, און פרעזענטירען אים מיט א ווערטפולען פרעזענט. מיר דריקען אויך אויס אונזער דאנק צו ברודער נייטען גרינבערג אונזער סעקרעטאר, און צו אונזער מענעדזשער, סעם אטער. אויך דאנקען מיר דער אראנדזשמענטס קאמיטע פאר אראנזשירען אזא שעהנעם אווענט.

דזש. בעקער, סעם בראון, מאריס שווארץ,
מאיר בארטעשפ רענע ווינער, אנשעל יאבלאוו.

מיר ווינשען, אז די אלע נביאות זאלען מקוים ווערען. די קלאוקמאכער דארפען אבער צוערשט האבען אין זינען, אז די פרייזען אין זייערע שעפער דארפען געסעטעלט ווערען אזוי, אז זיי זאלען קענען מאכען א לעבען און זיי זאלען קענען אויסקומען מיט זייערע פארדינסטען פון דעם ווינטער סעזאן צו דעם ספרינג סעזאן. א סך ארבייט אן גוטע פרייזען טויג ניט.

* * *

לאקאל 23, די סקוירטמאכער יוניאן, איז איינער פון יענע לאקאלס וועלכע האבען אימער פארנומען א בכבוד'ן פלאץ אין אונזער אינטערנעשאנאל. דער לאקאל האט זיך קיינמאל ניט אדווערטייזט דורך קלינגענדע פראזען. דעם שעהנעם פלאץ, וועלכען דער לאקאל האט אימער פארנומען אין אונזערע רייען, איז גיכער געוועזען צוליב זיין ארגאניזאציאנס טעטיגקייט.

דער לאקאל איז אמאל געוועזען זעהר א גרויסער, אבער צוליב דער ענדערונג, וואס איז פארגעקומען אין טרייד, איז ער ארונטער פון זיין גדולה. דאך, ווי קליין ער איז געוועזען האט מען זיך מיט אים אימער גערעכענט אין אונזער דזשאינט באארד, אזוי גוט ווי אין דער אינטערנעשאנאל. מיט דעם אריינקומען פון דער „נ. ר. א." פון איין זייט, און מיט דער איבערגעבענהייט פון דער הייפעלע מענשען וועלכע זיינען געשטאנען מיט דעם לאקאל פון דער צווייטער זייט, האט זיך דער לאקאל צוריק ארויפגעארבייט, אויב ניט אויף זיין אמאליגער גרויסקייט פון 10,000 מיטגלידער, האט ער זיך ארויפגעארבייט אויף א מיטגלידערשאפט פון א פאר טויזענד.

ווי עס איז שוין אויבען געזאגט געווארען, האט דער לאקאל אימער אנגעפירט א לעבהאפטע טעטיגקייט אין די רייען פון די סקוירטמאכער און אלע עראבערונגען וואס דער לאקאל האט דערגרייכט אין די לעצטע יארען איז אים ניט אזוי לייכט אנגעקומען. מיט יארען צוריק, ווען די סקוירט אינדוסטריע איז געוועזען קאנצענטרירט אין גרויסע שעפער, איז דער קאמף פון די סקוירטמאכער פאר בעסערע באדינגונגען ניט געוועזען אזוי שווער, ווי ער איז היינט, ווען דער טרייד איז צעווארפען אין עטליכע הונדערט קליינע און קלענערע שעפער איבער א זעהר ברייטען שטח.

דער עלעמענט, וועלכען דער לאקאל האט פארמאגט מיט יארען צוריק, איז היינט מער ניטא. פילע פון זיי זיינען שוין לאנג אוועק פון טרייד און פילע זיינען געווארען מעמבערס פון דער דרעסמאכער יוניאן. דער לאקאל באשטעהט היינט — מיט דער אויסנאמע פון א צאל געציילטע פון די אלטע מעמבערס — פון א גאנץ נייעם עלעמענט, אן עלעמענט פון יונגע באיעס און מיידלאך פון פארשידענע נאציאנאליטעטען און שפראכען. ווי יונג דער עלעמענט זאל ניט זיין און ווי פארשידענארטיג זייערע שפראכען זאלען ניט זיין, האט ער געלערענט די וויכטיגקייט פון דער יוניאן. אז זיי האבען דאס געלערענט האט באוויזען זייער האנדלונג ציי דעם לעצטען ספעשעל מעמבער מיטינג, וואס לאקאל 23 האט אפגעהאלטען וועגען דער פראגע פון העכערען זייערע דיוס. זיי האבען באוויזען, אז זיי באגרייפען אז זייער יוניאן, ווייל זי איז א קליינע און ווייל דער סקוירט טרייד איז צושפליטערט, קומט איר אויס צו פירען א קאמף יעדען מינוט אין טאג אום אויפצוהאלטען זייערע באדינגונגען אין די שעפער אין וועלכע זיי ארבייטען. זיי האבען באוויזען, אז זיי באגרייפען, אז אום צו פארזיכערען די ערווארבענע באדינגונגען און פארזעצען די ארגאניזאציאנס טעטיגקייטען, מוז דער לאקאל באזארגט ווערען מיט די נויטיגע פאנדען, און אזוי ווי עס איז באוויזען געווארען, אז מיט די 35 סענט א וואך דיוס וואס די מעמבערס צאלען קען דער לאקאל ניט אנהאלטען זיין עקזיסטענץ און אנפירען די נויטיגע ארגאניזאציאנס טעטיגקייט, האבען זיי באשלאסען צו העכערען זייערע דיוס אויף 50 סענט א וואך פאר אפערייטארס און 40 סענט פאר פינישערס און קלינערס.

**אזא האנדלונג איז קאנסטרוקטיוו און לויבענסווירדיג און די מעמבערס פון לאקאל 23, אזוי גוט ווי זייער פירערשאפט, דארפען פאר דער האנדלונג גראטולירט ווערען.**

# די פראבלעמען פון לאקאל 21, נוארק

פון א. קאפלאן, רעק. סעק.

ווען מיר זאלען אפשאצען, לויט נאך דעם שוויינען פון דער פרעסע וועגען די פראבלעמען פון אוט אוו טאון שאפס און פון די מענער־שניידער שאפס וועלכע ארבייטען קלאוקס, קען זיך אויסדוכטען, אז אלעס איז ביי אונז אין בעסטען ארדנונג און די צוויי אנגעווייטאגטע פראגען זיינען שוין געלייזט געווארען.

אזוי קען זיך אויסדוכטען אויבערפלעכליך, און דאס אויך נאר צו אזעלכע מענשען, וועלכע זיינען ניט דירעקט פארבונדען מיט דעם קלאוקס טרייד. אבער די קלאוק מאכער קען זיך אזא זאך ניט דוכטען. ווייל די קלאוק מאכער פיהלען דאס יעדען טאג אין יאר. די צוויי וואונדען זיינען נאך ווייט ניט אויסגעהיילט געווארען.

איבערהויפט פיהלען דאס די קלאוק מאכער פון נוארק, וואו מיר זעהען, אז וואס א סעזאן ווערט אלץ ערגער. די קלאוקס ווערען פשוט אויסגערונען פון אונזערע יוניאן שעפער.

ביי אונז אין נוארק פיהלען מיר דאס שטארקער פיליכט ווי אין ניו יארק. ווייל די שעפער זיינען ביי אונז באגרעניצט אין צאל און דערפאר, ווען א שאפ ביי אונז אין נוארק האט ניט קיין ארבעט, איז דא א געפאר: ערשטענס, אז דער שאפ זאל זיך אין גאנצען פארמאכען און די ארבייטער פון שאפ זאלען ניט האבען די מעגליכקייט צו זיין באשעפטיגט אין טרייד; און צווייטענס, רופט זיך דאס אפ אויף דעם געמיט פון די ארבייטער אין די אנדערע שעפער, אין וועלכע עס איז נאך דא צוביסליך ארבייט.

מיר האבען גענוג אורזאכען צו זיין באזארגט איבער די צוויי פראבלעמען, איבערהויפט יעצט, ווען אונזערע שעפער זיינען אין גאנצען ריין פון קלאוקס און ווען די גרעסטע טייל קלאוק מאכער לויפען ארום זוכען וואו צו לייען א פאר דאלער אויף דורכצולעבען דעם טאג. אין דער זעלבער צייט ארבייטען די שעפער אין די שטעטליך ארום נוארק גאנץ געשמאק, סיי די שעפער וואס ארבייטען אלעמאל קלאוקס, סיי די מענער שניידער שעפער, וואס ארבייטען מענער דזשעקעטס מיט סקוירטס.

אונזער לאקאל מיט אונזער מענעדזשער, ברודער סיניטש, אן דער שפיץ, טוט דאס בעסטע אויפצוהאלטען דעם מוט פון אונזערע מעמבערס, ווייל וואס נאך קענען מיר טאן? ווארים ניט קריגענדיג קיין דירעקטע הילף פון דעם אוט אוו טאון דעפארטמענט, און ניט זייענדיג פארבונדען מיט דער דזשאינט באארד, איז אונזער לאקאל אין דער לאגע ווי א מוטער, וואס זעהט ווי אירע קינדער זיינען ארומגערינגעלט מיט פלאמען און זי קען זיי ניט העלפען. די איינציקע האפענונג פון אונזער לאקאל איז, אז מיר זאלען צוריק אריינגעהן אין דער דזשאינט באארד און דורך דעם פארשטארקט ווערען סיי ארגאניזאציאנעל און סיי מאראליש.

מיר האפען, אז די דזשאינט באארד דעלעגאטען, צוזאמען מיט די בעאמטע פון דער דזשאינט באארד וועלען איינזעהן די וויכטיקייט און אויך דעם געווינס וואס די קלאוק מאכער יוניאן אלס א גאנצע וועט געווינען ווען אונזער לאקאל וועט זיין אפיציעל פארבונדען מיט דער דזשאינט באארד.

די פראגע איז יעצט ביי אונזער לאקאל די וויכטיגסטע אין דעם איצטיגען מאמענט און אויך די איינציגע האפנונג ווי אזוי מיר זאלען אפשאפען, אדער אמווייניקסטען פארלייכטערען, די צוויי זעהר אנגעווייטאגטע פראבלעמען.

---

## אנערקענונג רעזאלוציע.

מיר, די ארבייטער פון לעווין און שער, דריקען אויס די אנערקענונג צו אונזער שאפ טשערמאן, טשארלעס יעלין, און גיבען אים מתנה, א ריסט וואטש, אלס אנדענקען פאר זיין גוטער ארבייט. מיר האפען, אז ברודער יעלין וועט ווייטער פארזעצען זיין ארבייט ווי ביז איצט.

יואל בלאקער,
אייבי קראוז,
**די שאפ קאמיטע.**

דעם ברייטען שטח אויף וועלכען זי האט זיך אויסגעשפּריים, האלטען מיר, אז די גענעראל עקזעקוטיוו באארד האט אין דעם פאל פראקטיש גערהאנדעלט.

אונזער אינטערנעשאנעל איז היינט צו טאג ניט מער דיזעלבע ארגאניזאציע ווי זי איז געוועז מיט יארען צוריק, פאר דעם יאר 1933. אנשטאט צו זיין קאנצענטרירט אין דער איסט און דער מיטעל־וועסט, און זייענדיג פארשפּריים בלויז טיילווייז אין אנדערע מקומות, איז די אינטערנעשאנאל איצינד פארשפּרייט און באפעסטיגט איבער דעם גאנצען לאנד. אויף דעם פּאסיפישען קאוסט זיינען אויסגעוואקסען מעכטיגע לאקאלען, באשטעהענדיג פון טויזענדע מיטגלידער און עס זיינען נאך דארט דא פילע טויזענדע ארבייטער וועלכע דארפען ערשט ארגאניזירט ווערען.

מיט אפּהאלטען דעם פערטעל־יערליכען מיטינג אויפ'ן פּאסיפישען קאוסט באצוועקט די אינטערנעשאנאל צו באקענען די ארגאניזירטע מיטגלידער מיט אירע לייטענדע גייסטער, און צו דעמאנסטרירען איר מאכט אלס אן ארגאניזאציע פאר די ניט־ארגאניזירטע עלעמענטען, וואס זיינען דארט באשעפטיגט אין דער לידיס גארמענט אינדוסטרי.

די טעטיגע מיטגלידער פון דער אינטערנעשאנאל, אזוי גוט ווי אירע פריינד אויסערהאלב פון אונזערע ריען, וועלען זיכער באגריסען דעם שריט פון דער אינטערנעשאנאל און עס וועט זיי באמת פרעהען דער פאקט וואס אונזער אינטערנעשאנאל איז אזוי ריזיג אויסגעוואקסען, ארגאניזאציאנעל און פינאנציעל, אז זי קען זיך ערלויבען אפּצוהאלטען איר פערטעל־יערליכען מיטינג אין אזא ווייטען מקום.

ווי געזאגט, האט אונזער אינטערנעשאנאל אויסגעברייטערט איר ארגאניזאציאנס טעטיגקייט איבער דער גאנצער לענג און ברייט פון דעם לאנד, און איר איינפלוס פילט זיך שטארק אין יעדען מארקעט וואו נאר עס ווערען פראדוצירט לידיס גארמענטס. דער באזוך פון דער פירערשאפט פון אונזער אינטערנעשאנאל אויפ'ן פּאסיפישען קאוסט וועט אן צווייפעל נאך מער באפעסטיגען אונזער ארגאניזאציאנס טעטיגקייט אין יענע ווייטע מקומות און וועט פיל ביישטראגען צו איר ערווארבענעם פּרעסטיזש.

די גענעראל עקזעקוטיוו באארד וועט האבען צו לייזען פיל שווערע פּראבלעמען. מיר, פון אונזער זייט, ווינשען איר ערפאלג און מיר האפען, אז זי וועט געפינען דעם וועג צו לייזען די אלע וויכטיגע פּראבלעמען צו גונסטען און צו דער צופרידענהייט פון אונזערע מיטגלידער.

***

דעם 6טען יוני איז געווארען 10 יאר זינט מאיר לאנדאן איז אומגעקומען דורך א טראגישען און פריצייטיגען טויט. צריונג איז דער גרויסער מענש, אידעאליסט, און לערער אומגעקומען פון אונז. די קלאוקמאכער, וועלכע זיינען געקומען אין לאנד צווישען די יארען פון 1905—1910 האבען לאנדאנ'ען זעהר גוט געקענט. ער האט געווידמעט זיין ברייטע הארץ און אלעס וואס ער האט פארמאגט פיזיש און גייסטיג צו דער אויפבויאונג פון דער קלואקמאכער יוניאן, און ספּעציעל דורך דער צייט פון דעם 1910 גענעראל סטרייק.

מאיר לאנדאן האט באלאנגט ניט נאר צו די אידישע ארבעטער, נאר צו אלע די וואס שאפען. זיין הארץ איז אימער געווען אפען פאר די וואס זיינען געקומען אין נאהענטער בארירונג מיט אים, און זיין נשמה האט געווארעמט די גרויסע ארבייטער מאסען, וועלכע האבען אים פערזענליך ניט געקענט. צו פריה האט דער גרויזאמער טויט אוועקגעריבען פון אונז דעם מענש, וועלכער האט זיך געמאכט אלגעמיין באליבט ביי די ברייטע ארבייטער מאסען. די קלאוקמאכער, ווענען ער האט אזוי פיל געהאלפען אין זייערע עקאנאמישע קאמפען און איז אימער געווען גרייט צו דינען, אפילו ווען מען האט אים ניט גערופען, וועלען אים קיינמאל ניט פארגעסען. זיין נאמען וועלען זיי אימער דערמאנען מיט דער גרעסטער עהרענפורכט.

אין די פארגאנגענע 9 יאר פלעגט א גרופע פון מאיר לאנדאנ'ס פערזענליכע פריינד און נאכפאלגער אולה לרגל זיין אויף זיין קבר אין דעם טאג פון זיין יאר־צייט. הייר יאר האט די אידישע ארבייטער באוועגונג אלס א גאנצע באשלאסען צו פארזאמלען זיך אויף זיין קבר צו עהרען זיין אנדענקען אין דעם טאג פון דעם 10־טען יאר־צייט. ביידע צווייגען פון דער אידישער ארבייטער באוועגונג — די סאציאליסטישע און די טרייד יוניאניסטישע — זיינען געווען גוט פארטראטען אויף דער סעמעטערי. אם בעסטען איז דארט געווען פארטראטען די קלאוקמאכער יוניאן מיט אירע אנגעשלאסענע לאקאלען, ווי עס פאסט פאר דער יוניאן וועלכע ער האט געהאלפען בויען און פון וועלכער ער איז געוועזען איינער פון די לייטענדע גייסטער.

אלע צוזאמען האבען אויסגעדריקט זייער טיפען צער און טרויער איבער זייער גרויסען פארלוסט. זיין קבר וועט אימער בלייבען פריש און פון דער פייכטקייט פון אונזערע פארגאסענע טרערען וועלען די בלומען, וועלכע ער אליין האט פארפלאנצט, קיינמאל ניט פארוועלקט ווערען.

***

די קלאוק שעפער האבען נאך דעם איסטער יום־טוב געהאט א ביסעל ווייסע ארבייט. זיי האבען ניט געהאט אזוי פיל אויף וויפיל זיי האבען זיך פארבערייטעט, אבער א ביסעל ארבייט האבען זיי געהאט. וואלט דער מאנאט מאי ניט געווען קיין קאלטער און רעגענדיג דערצו, וואלטען די שעפער, וועלכע האבען באשלאסען צו ארבייטען אויף דער ווייסער ארבייט, פון איר געהאט פיל מער. די שעפער וואס מאכען די ביליגערע ארבייט, האבען פון דער ארבייט געהאט מער ווי די שעפער וועלכע מאכען די בעסערע ארבייט און עס איז נאטירליך, ווייל די פרויען וועלכע קויפען דעם ביליגערען גארמענט זיינען מער אין צאל ווי די וואס קויפען דעם בעסערען גארמענט.

לאמיר באלד זאגען, אז די קלאוקמאכער, וועמעס שעפער האבען געהאט דאס ביסעל ווייסע ארבייט, איז נאך ניטא וואס מקנא צו זיין. קיין גליקען האבען זיי ניט געמאכט. זיי האבען בלויז דורכגעשטופּט א פאר וואכען פון סלעק. געוויס, זיינען זיי בעסער אפּ ווי די קלאוקמאכער וועמעס שעפער האבען די ווייסע ארבייט אין גאנצען ניט געמאכט.

דער סיזאן פון די ווייסע זומער ארבייט איז אפּיציעל פאראיבער. עס קאן זיין, ווען די הייסע טעג וועלען קומען, וועט נאך זיין א ביסעל פון דער ארבייט אין די שעפער. אבער איצט זיינען מיר מער פאראינטערעסירט זיך צוזאמענרעדען מיט די קלאוקמאכער וועגען דעם נעקסטען סעזאן. דער נעקסטער סעזאן וועט, לויט די באריכטען אין די צייטונגען, זיין ניט קיין שלעכטער. די מאנופעקטשורערס, אין זייערע בולעטינס, פּראפעציייען אויך א גוטען סעזאן און זיי געהען נאך ווייטער. זיי זאגען, אז אין דעם קומענדען סעזאן וועט זיין א גרעסערע נאכפראגע אויף דרעסי קאוטס, ווי אויף די ספּארט קאוטס, ווייל אויב דער לעצטער ווינטער סעזאן איז ניט געווען אזוי גוט ביי די דרעסי קאוטס, איז דאס בלויז געווען א דאנק דעם וואס דער ביליגער פאר קאוט האט אריינגעשניטען אין דעם טרייד.

נאטירליך, איז די יוניאן שטארק פאראינטערעסירט אין א גוטען דרעסי קאוט סעזאן, אבער ווי דער סעזאן וועט זיין בלייבט צו זעהן. די פארשטעהער פון דעם טרייד האבען שוין ניט איין מאל פּראפעצייעט א גוטען סעזאן, און אויסגעלאזט האט זיך אנדערש.

איין זאך איז זיכער, אז דעם לעצטען ווינטער סעזאן האבען פילע מאנופעקטשורערס וועלכע זיינען ניט געווען פארבערייטעט פאר ספּארט קאוטס און בלויז פאר דרעסי קאוטס, געלערנט א גרויסען לעסאן. זיי וועלען זיכער צו דעם סעזאן זיין פארבערייטעט פאר ביידע סארטען קאוטס.

דער יוניאן איז ניט קיין אונטערשייד וועלכע קאוטס עס וועלען געהן מער, אזוי לאנג עס וועט זיין א גרויסער סעזאן פון ארבייט. ווען די טרייד צייטונגען באזירען זייערע השערות אויף א גוטען סעזאן, נעמען זיי דאס פון זייערע מענשען, וועלכע געפינען זיך איבער'ן לאנד אין פארשידענע פלעצער. דאס זעלבע איז אויך מיט די מאנופעקטשורערס. זיי נעמען די אינפארמאציע פון די פארשידענע בייערס פון די גרויסע דעפּארטמענט סטארס איבער'ן לאנד.

„שאפ מיטינגס זיינען אפגעהאלטען געווארען מיט די ארבייטער, איבערהויפט פון די ניי־ארגאניזירטע שעפער. די שאפ מיטינגס האבען געשאפען ביי די ארבייטער א שטארקערען אינטערעס אין זאכען וואס אנבאלאנגט דעם שאפ און דער יוניאן. די ארבייטער באזוכען אויך די מיטינגס וואס ווערען ארגאנזשירט פון עדיוקיישאנעל דעפארטמענט.

„אין אלגעמיין, פרעהט מיך צו ערקלערען, אז מיר האבען אן אינטענסיווען קאנטראל איבער די יוניאן שעפער אין אונזער דיסטריקט.

„די ניט־יוניאן שעפער. — עס זיינען דא צוויי קאטעגאריעס ניט־יוניאן שעפער: שעפער וועלכע עקזיסטירען שוין זייט פילע יארען, און נייע שעפער וועלכע אנטלויפען פון ניו יארק, אום אויסצומיידען דער יוניאנ׳ס קאנטראל.

„מיר האבען ארום 65 אזוינע שעפער אין אונזער טעריטאריע. די גרעסטע צאל פון זיי זיינען קליינע „בעדרום" שאפקעס, וואו עס ווערען באשעפטיגט א קליינע צאל ארבייטען. זיי קריגען זייער ארבייט פון יוניאן און ניט־יוניאן שעפער, ענטוועדער דירעקט אדער דנרך געוויסע אגענטורען. אין מאנכע פאלען ווייסט דער קאנטראקטאר אליין ניט פון וואנען די ארבייט קומט, ווייל ער מאכט דעם פרייז און קריגט באצאלט פון דעם אגענט. ביי אזא צושטאנד איז ניט לייכט צו כאפען דעם גנב ביי דער האנד.

„אצינד, אז דער קאנטראל און דער ארגאניזיישאן דעפארטמענט זיינען פארבונדען, האפען מיר אז די דאזיגע קוואלען וועלען פארבלאקירט ווערען.

„מיט די דאזיגע שעפער פירען מיר א שטענדיגען קאמף. מיר יאגען זיי ארום פון איין פלאץ צום צווייטען. אונזער גרעסטע פראבלעם איז עטליכע גרויסע שעפער. דא שטויסען מיר זיך אן אן א שטיינערנער וואנט. מיר קענען ניט ארגאניזירען די ארבייטער דורך צוזאגען זיי אז מיר וועלען אויסבעסערען זייערע באדינגונגען און העכערען זייערע שכירות. צוליב דער לימיטיישאן אוו קאנטראקטארס זיינען מיר ניט זיכער צי זיי וועלען קריגען די רעדזשיסטריישאן פון דעם זעלבען דזשאבער פאר וועלכען זיי ארבייטען, און די ארבייטער זיינען ניט גרייט ארויסצוגעהן אין סטרייק אום צו פארלירען זייערע דזשאבס.

„וואס אנבאלאנגט די שעפער וואס אנטלויפען פון ניו יארק, באטראכטען מיר זיי אלס סטרייקענדע שעפער, און מיר באהאנדלען זיי אלס אזעלכע. מיר האבען אנגענומען א געוויסע פאליסי אין באצוג צו אפשטעלען די פראדוקציע און מיר האבען, ביז א געוויסען גראד, געהאט ערפאלג. די צייט איז אבער געווען צו קורץ צו באווייזען די ווירקזאמקייט פון דער פאליסי. מיר האבען דארום בדעה נאכצופאלגען די פאליסי דעם קומענדען סיזאן און מיר זיינען זיכער, אז מיט דער הילף וואס מיר קריגען פון דעם ניי־געגרינדעטען קאנטראל און ארגאניזיישאן דעפארטמענט, און מיט דעם ראטה פון ברודער נאגלער, וועלען מיר זיין אימשטאנד אפצוהאלטען (טשעקען) אזוינע שעפער. איך אונטערשטרייך דעם ווארט „אפהאלטען" און איך באנוץ ניט דעם ווארט „אפשאפען" ווייל ניט מיר און ניט קיין אנדערער וועט ניט זיין אימשטאנד דאס צו עררייכען. עס איז אן אייביגער קאמף צווישען דער יוניאן און די באלעבאטים. מיר פארזיכערען אייך, אז מיר טוען און וועלען טאן אלעס וואס ליגט אין אונזער מאכט, און איז פיזיש מעגליך, צו באשיצען די ארבייטס־באדינגונגען און די סטאנדארדס פון די קלאוקמאכער.

אין משך פון אונזער טעטיגקייטס פעריאד איז אונז געלונגען צו ארגאניזירען די פאלגענדע 6 שעפער:

גלאריא גארמענט, לאנג איילענד סיטי, לאנג איילענד.
פערלבערג און גראסשייר, קעמדען, נ. דזש.
פיליפ מאנעשעוויץ, מאמאראנעק, נ. י.
„בי און עם" קאוט קא., סטעמפארד, קאנ.
„די און אר" קלאדינג, פאסעיק, נ. דזש.
דזשיסי קאוט קא., נוארק, נ. דזש.

מיר האבען אויך איבערגענומען דעם קאנטראל איבער פאלגענדע 4 שעפער:

ס. אינטערדאנטא, לאדאי, נ. דזש. (בעפאר געווען קאנטראלירט פון ניו יארקער אפיס).
קרעסענט גארמענט, קעמדען, נ. דזש. (פרילער געווען געשלאסען).
נאסאו קלאוק, לאנג איילאנד סיטי (אינדאסטריעל קאונסיל פירמע וואס האט געמופט פון ניו יארק).

„פאלגענדע פירמעס האבען אויפגעגעבען די ביזנעס:

אמאנסקי, נוארק, נ. דזש.
א. פליטער, דזשוירזי סיטי, נ. דזש.
איידיעל קאוט, מאונט ווערנאן, נ. י.
דאבי נוירל קאוט, נוארק, נ. דזש.
רעד בענק קלאוק, רעד בענק, נ. דזש.
לעהר און קרעס, עליזאבעטפארט, נ. דזש.
מידעלטאון נאוועלטי, מידעלטאון, נ. י.

„דער באריכט וואלט ניט געווען פאלקאמען ווען איך זאל ניט דערמאנען אונזער באטייליגונג אין דעם דראיוו געגען די אמאלגאמייטעד שעפער וואו מען האט געמאכט די מענערשע לײדיעס סוטס, ניט נאר אין דער אוט־אוו־טאון טעריטאריע, נאר אויך אין דער שטאט ניו יארק. מיט דער דאזיגער טעטיגקייט זיינען מיר געווען פארנומען ארום פינף וואכען צייט ביז דער „אווערלעפינג" דעפארטמענט איז עטאבלירט געווארען.

„מיר האלטען אצינד אין צוגרייטען א טאבעלע וועלכע וועט אנווייזען די צאל שעפער וואס מיר קאנטראלירען, ווי לאנג זיי עקזיסטירען, פאר וועמען זיי ארבייטען, די לאין און סיסטעם פון ארבייט, די צאל ארבייטער, זייערע פארדינסטען, א. אז. וו.

„צום שלום וויל איך אויסדריקען מיין דאנק צו ברודער נאגלער, גענעראל מענעדזשער, לואיס ע. לאנגער, סעקרעטאר, סאל מעץ און ס. מוטשינגראסא פון קאנטראל און ארגאניזיישאן דעפארטמענט, און אלע לאקאל און דיסטריקט מענעדזשערס פאר זייער קאאפעראציע. איך וויל אויך גלייכצייטיג באדאנקען ברודער הערי וואנדער פאר העלפען אונזער דעפארטמענט מיט ראטה און טאט.

„א באזונדערען דאנק און אנערקענונג בין איך שולדיג ברודער דוד דובינסקי, דעם פרעזידענט פון דער אינטערנעשאנעל, פאר זיין שטענדיגען ראט, הילף און ערמוטיגונג.

דזשארדזש רובין,
מענעדזשער אוט אוו טאון דעפארטמענט".

ווייס פרעזידענט רובינ׳ס באריכט טראגט א זייער באשיידענעם כאראקטער. רובין איז ניט קיין רײדער, ער איז א טאט־מענש און האט ליב צו טאן אנשטאט צו רײדען און צו חלומ׳ען. צוליב ברודער רובינ׳ס באשיידענקייט און אנדערע וויכטיגע אורזאכען איז דער דאזיגער באריכט בלויז א בלאסער אפשיין פון די שווערע באמיהונגען און פלייסיגער און הארטער ארבייט, וואס רובין האט אריינגעלייגט אין די לעצטע עטליכע חדשים אויף אט דעם שווערען טעטיגקייטס געביט.

רובין זאגט אין זיין באריכט, אז ער וויל זיך ניט אפשטעלען אויף איינצעלנע פאלען. די וואס זיינען פארבונדען און באקאנט מיט זיין טעטיגקייט, ווייסען פארוואס ער וויל ניט און קען ניט רײדען באריכות. זיי ווייסען אבער אויך וויפיל ארבייט און פלייס עס פאדערט זיין ארבייט, און ברודער איזידאר נאגלער, דער גענעראל מענעדזשער פון דער קלאוק מאכער יוניאן, וועלכער איז מער ווי אירגענד אן אנדערער באקאנט מיט אט דער ארבייט, האט אויף דעם מיטינג פון דזשאינט באארד אויסגעדריקט די ווארעמע אנערקענונג פאר רובינ׳ס טעטיגקייט.

ברודער רובין זאגט אויך אין זיין באריכט, אז ער האפט און איז אפילו איבערצייגט, אז עס וועט דער יוניאן געלונגען אפצוהאלטען דאס אנטלויפען פון שעפער. ער זאגט ווייטער: „איך באנוץ דעם ווארט „אפהאלטען" און ניט דעם ווארט „אפשאפען", ווייל ניט מיר און ניט קיין אנדערער וועט ניט זיין אימשטאנד דאס צו דערגרייכען".

ברודער רובינ׳ס באריכט וועט זיכער דינען אלס א טרייסט פאר טויזענטער קלאוקמאכער, ווייל זיי האבען א געלעגענהייט זיך צו דערוויסען אז די יוניאן טוט אלעס אין איהר מעגליכקייט דעם דאזיגען איבעל איינצוהאלטען און צו פארקלענערען.

# טעטיגקייט פון דעם ניו יאָרקער קלאָוק דזשאָינט באָאַרד

# „אוט אָוו טאָון"

(באַריכט פון וויס־פּרעזידענט דזש. רובין, מענע־דזשער פון אוט אָוו טאון קלאָוק דעפּאַרטמענט)

מאָנטאָג אָוונט, דעם 11טען מאי האָט ברודער דזש. רובין, דער מענעדזשער פון אוט אָוו טאון קלאָוק דעפּאַרטמענט, אָפּגעגעבען אַן אויספירליכען באַריכט וועגען דעם צושטאַנד און טעטיגקייט פון דעם ניי־געגרינדעטען דעפּאַרטמענט פאר דעם באָארד אָוו דירעקטאָרס פון דער קלאָוקמאכער יוניאָן. מיט צוויי טאָג שפּעטער איז דער דאָזיגער באריכט פאָרגעלייגט געווארען פאר דעם מיטינג פון קלאָוק דזשאָינט באָארד. ביידע יוניאָן קערפּערשאַפטען האָבען דעם באריכט אויפגענומען מיט גרויס צופרידענהייט און אין ביידע פלעצער האָט וויס־פּרעזידענט רובין באַקומען אַן אויסדרוק פון גרויס צופרידענקייט מיט זיין ארבייט און אויפטואונגען.

אזוי ווי דער אוט אָוו טאון פּראָבלעם אינטערעסירט יעדען קלאָוקמאכער, ברענגען מיר דאָ דעם פולען באריכט אזוי ווי ער איז אָפּגעגעבען געווארען אויף די מיטינגען פון ביידע וויכטיגע יוניאָן קערפּערשאַפטען:

„אין דעם באריכט וואס איך גיב איצט אָפּ וועגען דער טעטיגקייט פון אונזער דעפּאַרטמענט, שטעל איך זיך ניט אָפּ אויף אינדיווידועלע פאלען. (איך וועל עס טאָן שפּעטער, אויב מען וועט עס פארלאנגען). איך וויל אייך בלויז געבען אן איבערבליק פון דעם אלגעמיינעם צושטאַנד און איבער די באַדינגונגען וואס הערשען אין די אוט־אָוו־טאון שעפּער, כדי איר זאָלט האָבען אַ קלאָר בילד פון דער סיטואַציע און פּראָבלעמען מיט וועלכע מיר שטעהען פּנים אל פּנים.

„אין מיין שילדערונג וועל איך זיך מסתמא אָפּשטעלען אויף פראגען וועלכע זיינען פאר אייך ניט ניי, פונדעסטוועגען טו איך עס כדי אייך צו באַקענען מיט די מעטאָדען און ט״ע״טיגקייטען וואס מיר האָבען אָנגעפיהרט.

„אליין זייענדיג אַן אמאָליגער קריטיקער פון די הערשענדע באַדינגונגען אין די אוט־אָוו־טאון שעפּער, מוז איך זיך איצט מודה זיין, אז עס איז פיל גרינגער צו קריטיקירען ווי צו ענדערען באַדינגונגען. פונדעסטוועגען פרעהט מיך צו ערקלערען, אז איך האָב זיך באַקענט מיט דער סיטואַציע און האָב זיך דערוואוסט פילע פון אירע פעלערען. איך בין איבערצייגט, אז כאָטש מיר וועלען איצט ניט זיין אימשטאַנד צו לעזען די אוט־אָוו טאון פּראָבלעם פולשטענדיג, וועט עס ווייניגסטענס זיין מעגליך אויסצורעכענען אויף אזוי ווייט, אז עס זאָל ניט שטעלען אין געפאר די אָנגענומענע ווידזש סקיילס און ארבייטס־באַדינגונגען פון דעם ניו יאָרקער מארקעט.

„אונזערע פּראָבלעמען זיינען פאָלגענדע:

1) אלערליי „ענפאָרסמענטס".
2) די ניט־יוניאָן שעפּער.

„צו באַגרייפען ווי שווער עס איז צו אינפאָרסירען יוניאָן באַדינגונגען, מוזען מיר נעמען אין באַטראַכט די ארבייטער פון די אוט־אָוו־טאון שעפּער, וועלכע באַשטעהען פון צוויי עקסטרעמע געגענזעצטע עלעמענטען:

א) דער עלטערער יוניאָן עלעמענט.
ב) דער יונגער עלעמענט וואס האָט זיך אָנגעשלאָסען אָן דער יוניאָן דורך דער צייט פון דער נ. ר. א.

„די ערשטע זיינען אלטע יוניאָן־לייט, וועלכע האָבען, צוליב געוויסע אומשטענדען, ניט געקענט קריגען קיין באַשעפטיגונג אין ניו יאָרק און זיי האָבען געקראָגען דזשאָבס אין קליינע שעפּער ארום ניו יאָרק. זיי ווילען אָנהאלטען יוניאָן באַדינגונגען, אָבער האָבענדיג געלערענט פון ערפאַרונג אז אזוי שנעל ווי יוניאָן באַדינגונגען ווערען איינפאָרסירט קריגען זיי מער קיין ארבייט ניט, און מורא האָבענדיג אז זיי וועלען פיליכט אינגאנצען ארויסגעשטויסען ווערען פון דעם טרייד, זיינען זיי געניינט איינצוגעהן אויף אירגענד וועלכען אָפּמאַך אום צו קענען פאַרדינען אויף א וועלכען ניט איז לעבען.

„דער יונגער עלעמענט, וועלכער האָט זיך אָנגעשלאָסען אָן דער יוניאָן זייט דער נ. ר. א., איז ניט האָבענדיג קיין פריהערדיגע יוניאָן ערציהונג, מערסטענס באַאיינפלוסט פון דעם באָלעבאָס, וועלכער נוצט אויס די קורצע סיזאָנס אלס א מיטעל צו אגיטירען די יונגע טרייד יוניאָן באַלמעלאָכעס געגען דער יוניאָן, איינרעדענדיג די ארבייטער אז די יוניאָן וויל זיי ארויסטרייבען פון דעם טרייד.

„דער דאָזיגער עלעמענט ארבייט אין די גרעסערע שעפּער אין די ווייטערע געגענדען. קיינער פון זיי זיינען ניט קיין באַלמעלאָכעס; זיי ארבייטען אין סעקשאָנס, מאנכע פון וואָך און מאנכע פון שטיק. זיי האָבען מורא אז אויב זיי זאָלען אָנווערען זייערע דזשאָבס, וועלען זיי זיך מוזען אומקערען צו די פּרייזען און באַדינגונגען וואס האָבען געהערשט בעפאָר דער נ. ר. א. דאַרום האלטען זיי זיך אָן אָן זייערע דזשאָבס מיט די ציין און זיינען געניינט איינצוגעהן אויף אירגענד וועלכען אָפּמאַך אבי אָנצוהאלטען זייערע דזשאָבס.

„דער טיפּ דזשאָבערס — די דזשאָבערס וועלכע באַזאָרגען די דאָזיגע שעפּער מיט ארבייט זיינען די ערגסטע „טשיזלערס" אין דער אינדוסטריע. מיט מאנכע פון די דזשאָבערס איז די יוניאָן אין ניו יאָרק געווען געצוואונגען צו סעטלען אויף וואָך ארבייט, צוליב דער אוממעגליכקייט צו סעטלען מיט זיי פּרייזען פון שטיק. עס האָט זיך אָבער דערנאָך ארויסגעוויזען אז די שעפּער האָבען בשתיקה געארבייט פון שטיק, אויף פּרייזען וועלכע דער באָלעבאָס האָט אליין באַשטימט. אנדערע דזשאָבערס ווידער סעטלען אָפּ פּרייזען אויף „דאַמי" גארמענטס און דערנאָך שיקען זיי אריין אין די שעפּער אומגעסעטלעטע גארמענטס.

„עס איז ניט געווען קיין גרינגע אויפגאבע אויסצוגעפינען פון די ארבייטער די פארשידענע קונצען וואס זיינען אָנגעווענדעט געווארען צו באַשווינדלען די יוניאָן, צוליב זייער מורא פאר פארלירען זייערע דזשאָבס. דאָך, א דאנק אונזער אינטענסיווען קאָנטראָל, איז אונז געלונגען אויפצודעקען פילע געהיימע אָפּמאכען.

„מיר האָבען אין אונזער טעריטאָריע 128 יוניאָן שעפּער, צעוואָרפען איבער א שטח פון ארום 300 מייל אין דער לענג און אין דער ברייט, וואס נעמט ארום 70 שטעטלעך און דערפלעך. די טעריטאָריע איז איינגעטיילט אין 8 דיסטריקטען, מיט אן אָפיס און אן אויפזעהער אין יעדען דיסטריקט, וועלכער טראָגט די פולע פאראנטוואָרטליכקייט פאר אויפפאסען אז די יוניאָן באַדינגונגען זאָלען אָפּגעהיט ווערען.

„אונזער דעפּאַרטמענט איז דער „פּאָליס דעפּאַרטמענט" פון דער יונאָן. מיר האָבען ניט קיין אייגענע פּאָליסי, נאָר מיר נעמען אָרדערס פון דזשאָינט באָארד. דאַרום איז אונזער אויפגאבע דאָפּעלט שווער.

„מיר קאָאָפּערירען מיט דער דזשאָינט באָארד אויפ'ן העכסטען גראַד. איין טעלעפאָן רוף פון אירגענד וועלכען דעפּאַרטמענט פון דזשאָינט באָארד איז גענוג אויף אָפּצושטעלען א שאָפּ, און אין פילע פאלען ווערט עס געטאָן נאָך איידער די ניו יאָרקער שעפּער ווערען אָפּגעשטעלט.

„מיר מאכען אויך יעדע אָנשטרענגונג אנצוהאלטען די 35־שטונדיגע ארבייטס־וואָך דורך פּאַטראָלען די שעפּער. וואו עס איז נאָר דאָ א פארדאכט אז א שאָפּ ארבייט אומגעזעצליכע שטונדען, וואכט אונזער ביזנעס איידזשענט איבער דעם שאָפּ פון 7 אזייגער אין דער פרי ביז 8 אזייגער אָוונט, אויך שבת און זונטאָג, ניט אכטענדיג וואו דער שאָפּ געפינט זיך.

זאָגן. געטראָפען האָבען מיר איהם אַ געוויסען פּרימאָר־נען אין די סעטעלמענט העדקוואָרטערס אויף דער 38טער גאַס. אָנגעפאַנגען דעם אינטערוויו האָבען מיר געהענדיג פון איין צימער צום צווייטען, וואו די סעטעלמענטס זיי־נען אָנגענאַנגען, ביז מיר האָבען דערגרייכט צימער נומער 13. „דאָס", זאָגט מיר ברודער האָראָוויץ, „איז דער אָפיציעלער קווארטיר פון די יוניאָן פאָרשטעהער". מיט אַ טיר ווייטער האָט זיך געפונען דער אָפיס פון די בעל הבתים. ווארום איז עפּעס אויף אונזער מזל אויסגעקומען נומער 13, ווייסען מיר ניט. אונז איז באַקאַנט אַז עס איז דאָ אַ שטאַרקער פאָראורטייל געגען דעם נומער 13 און אין זעהר אַ סך געביידעס פעלט דארום דער 13טער שטאָק. דאָס הייסט, דאָ איז ער, אָבער מען רופט איהם 12 און אַ האַלב אָדער 12איי. אָבער גענוג מאָך.

„אַלס דער מענעדזשער פון דעם סעטעלמענט דעפּאַרט־מענט קענט איהר מיר זאָגען ווי די זאַך אַרבייט זיך אויס?" האָבען מיר איהם אַ פרעג געטאָן. „קודם כל", האָט ער לאַנגזאַם אָנגעפאַנגען, „וויל איך אַז איהר זאָלט וויסען אַז איך בין ניט דער מענעדזשער. איך בין נאָך אַלץ פאַרבונדען מיט דעם „אוט אָוו טאָון" דעפּאַרטמענט פון דער אינטערנעשאָנאַל. מען האָט מיר אין צייט פון נרוי־סען טומעל געדרעפּטעט, בין איך דאָ, און אַזוי גיך ווי איך ווער פאַרטיג גיה איך צוריק צו מיין פּאָסט. וואָס אַנבאַלאַנגט צום פּלאַן לויט וועלכען מיר אַרבייטען און די רעזולטאַטען וועלכע מיר האָבען דערגרייכט, קען איך אייך זאָגען אַז לויט מיין אָפּשאַצונג האָבען מיר זעהר פיל אויפגעטאָן און מיר דאַכט זיך אַז מיר האָבען געמאַכט אַ גאַנץ נישקשה'דיגען דזשאָב. פאַרשטעהט זיך אַז אַ סך קרעדיט קומט די טשערלייטע און פּרייז קאָמיטעס וועלכע האָבען ארויסגעוויזען אַ סך יוניאָן געטריישאַפט און אַ מוסטער פון יוניאָן דיסציפּלין. אַ דאַנק קומט אויך די ביזנעס אַגענטען און די פּרייז אַדזשאַסטערס. זיי האָבען ווירקליך געראַבייט איבער זייערע כחות.

וואָס אַנבאַלאַנגט דעם טומעל און די טיילווייזע אונ־צופרידענהייט וועלכע די סיסטעם האָט ארויסגערופען פון אָנפאַנג איז דאָס געווען אונפאַרמידליך. האָט אין זינען, אַז די אַרבייט האָט זיך אָנגעפאַנגען אין סאַמע ברען פון סיזאָן. עס איז ניט געווען קיין צייט צו אָריענטירען זיך. ניט די אַרבייטער און ניט די בעל הבתים האָבען, אונטער אַזעלכע אומשטענדען, געקענט ארויסווייזען דעם נויטיגען געדולד און געלאַסענקייט. דעריבער די טיילווייזע מיס־פאַרשטענדעניסען און אונצופרידענהייטען".

ווי באַוואוסט ווערען אין די העדקוואָרטערס געסעטעלט די פּרייזען פון די ביליגערע ליין דרעסעס. דאָס הייסט $4.75 אַ דרעס און ביליגער. די אַנדערע ליינס ווערען געסעטעלט טאַקע דורך דעם זעלבען אופן פון געמיינשאַפט־ליכע קאָמיטעס, אויף דעם דזשאָבערס פּרעמיסעס. אונ־זערע אַגרימענטס גיבען די בעל הבתים דיזע פּריווילעגיע. פון די 24,262 באַזונדערע סטיילס וועלכע זיינען געסע־טעלט געוואָרען ביז דעם 20טען מאַי 1936, זיינען איבער 35 פּראָצענט געסעטעלט געוואָרען אין די נייטראַלע סע־טעלמענט העדקוואָרטערס און די איבעריגע 65 פּראָצענט אויף די דזשאָבערס פּרעמיסעס. מען באַדאַרף ניט זיין קיין פּראָפעסיאָנעלער דרעסמאַכער צו באַגרייפען וואָס עס מיינט צו סעטלען 25 טויזענט סטיילס, אין דער צייט וואָס עס פּאַסירט גאַנץ אָפט אַז אַ פּרייז קאָמיטע קען אמאָל פאַרלירען אַ גאַנצען טאָג איבער 1 סטייל.

---

## טרייד ניים בקיצור

### דיואַי אונטערזוכט דעם דרעס טרייד.

פאַרשטעהער פון דער ספּעציעלער גרענד דזשורי, פון וועלכער מר. דיואַי איז דער הויפּט אָנפירער, האָבען די טעג אָנגעפאַנגען צו אונטערזוכען די דרעס אינדוסטריע. עס זאָל הייסען אַז מען איז פאַראינטערעסירט אויסצוגע־פינען אויב עס געהט אַן רעקעטירינג אין טרייד און ווער עס איז פאַר דעם פאַראַנטוואָרטליך. שרייבט וועגען דעם די „וואומענס וועאַר" פון דזשון 12טען: „מען שפּעקולירט אין טרייד אַ היבש ביסעל וועגען דער ווענדונג וואָס מר. דיואַי'ס אונטערזוכונג וועט אָננעמען. מענשען זאָגען, אַז מיט די יוניאָן איז געוואָרען אַ מאַכט אין טרייד איז דער

רעעקטיר כמעט ווי אין גאַנצען ארויסגעשטויסען געוואָרען. די טענדענץ, אָבער, צווישען איינינע פירמעס צו אַנטלוי־פען אוט־אָורטאָון און פון דעם רשות פון דער יוניאָן, האָט ווידער געעפענט די טירען צו דעם רעקעטיר".

די יוניאָן האָט אַלע מאָל גע'טענה'ט, אַז די בעל הבתים וועלכע זוכען ארויסצודרעהען זיך פון איהר דזשור־ריסדיקציע באַנוצען זיך מיט כל'ערליי מיאוס'ע מיטלען. זאָל טאַקע מר. דיואַי ניט שפּאָרען קיין מיה און קיינעם ניט שאַנעווען.

### מזל טוב! עס איז דאָ נאָך אַן אַסאָסיאיישאָן.

דעם 3טען דזשון איז אין מעקאַלפּין האָטעל אָרגאַני־זירט געוואָרען אַ נייע דרעס אַסאָסיאיישאָן. זי האָט מען אַ נאָמען געגעבען „די לאָו פּרייז דרעס אַסאָסיאיישאָן" און זי האָט אַ פּרעזידענט מיט אַ לאָיער מיט אַן אישו. און די אישו איז, מאַכען וואָס גרעסערע פּראָפיטען אויף די $1.37 און $1.87½ דרעסעס. מר. פייזער, זייער לאָיער, קלייבט זיך צו ווענדען צו אונזער אינטערנעשאָנעל פאַר אַ קאָנפערענץ מיט'ן צוועק צו עטאַבלירען ווידזש סקיילס א. ז. וו.

### דרעסמאַכער! שטאָלצירט מיט אייער אַרבייט.

ניט נאָר זיינען אונזערע היגע פרויען באַגייסטערט פאַר דער דרעס וועלכע ווערט געמאַכט אויף בראָדוויי און אין די ארומיגע גאַסען, נאָר אונזערע דרעסעס האָבען אַ נאָמען אַפילו אַזש אין ענגלאַנד. אַ פאַרשטעהער פון אַן ענגלישער פירמע האָט די וואָך ערקלערט פאַר צייטונגס־רעפּאָרטערס אַז „די ניו יאָרקער דרעסעס האָבען ביי אונז געמאַכט אַ גרויסען הים. ניו יאָרק איז דער איינציגער פּלאַץ אין דער וועלט וואו מען קען איין געבוידעטע קריגען דעם שעהנסטען אויסוואַל. אונזער ערשטער אָר־דער האָט באַטראָפען 55 טויזענט דאָלאַר. דאָס איז אָבער בלויז אַן אָנפאַנג".

ענגלאַנד איז אָבער ניט די איינציגע מדינה וועלכע איז פאַרליבט אין אונזערע דרעסעס. מר. לעאָן סינעל, אַזש פון סאַוט אַפריקא, האָפט אַז זיין פירמע וועלכע האָט אין 1934 פאַרקויפט 40 טויזענט אַמעריקאַנער געמאַכטע דרעסעס וועט פאַרקויפען הייריאָהר איבער אַ מיליאָן. „ניט קוקענדיג אויף די הויכע פראַכט און טאַריף קאָסטען, קענען אונזערע איינענע מאַנופעקטשורערס ניט פּראָדוצירען דרעס־סעס אין קאָנקורענץ מיט די אַמעריקאַנער מאַנופעקטשו־רערס", האָט מר. סינעל ערקלערט. אויב אַזוי, זיינען אונזערע סקיילס גאָרניט אַזוי הויך ווי מאַנכע היגע בעל הבתים ווילען מאַכען דעם איינדרוק. געדענקט עס, דרעס־מאַכער, ווען איהר סעטעלט פּרייזען.

### אַ מעשה מיט סטייל גנבות.

ענדע לעצטען מאָנאַט האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ פאַר־הער וואָס די באָסטאָנער „פילען סאָנס קאָמפּאַני" האָט געבראַכט געגען דער „פעשאָנס אָרידזשענייטאָרס גילד אָוו אַמעריקא" פעסטצושטעלען אויב די לעצטע האָט אַ גע־זעצליכע רעכט צו רעגולירען דעם פאַרקויף פון סטיילס וועלכע זיינען פון איהר ניט באַשטימט געוואָרען אַלס „אָריגינעלע" סטיילס. דער פאַרהער איז אויטאָריזירט גע־וואָרען פון יונייטעד סטייטס דיסטריקט קאָורט און האָט געמאַכט אַ גרויסען רושם אין דער דרעס אינדוסטריע.

וועט דאָך דער לעזער פרעגען, וואָס פאַר אַ שייכות די אַרבייטער האָבען מיט דעם פאַרהער? איז דער ענט־פער אַז מיר האָבען גאָר אַ נאָהענטע שייכות מיט דעם ענין. און אָט פאַרוואָס.

כל זמן קליידער זיינען געמאַנופעקטשורט געוואָרען לויט געוויסע אָריגינעלע סטיילס, האָט יעדער סטייל גע־האַט אַ באַזונדערע אינדיווידואַליטעט. דער בגד האָט דארום געצויגען און אָנגעהאַלטען זיין מקח. דער אַרבייר־טער האָט דערביי געמוזט פאַרדינען. ווען אָבער מיר האָ־בען דערגרייכט דעם צושטאַנד, אַז דער גרעסטער טייל פון דער אינדוסטריע קאָפּירט אָדער „גנב'עט" סטיילס און שפּאָרט דערביי אין די קאָסטען פון פּראָדוצירען אָריגי־נעלע סטיילס, שאַפט זיך אַ גוואַלדיגע קאָנקורענץ. מען שניידט דעם מקח פון בגד און דערביי שניידט מען און טאַקע מיט אַ שאַרפען מעסער די פאַרדינסטען פון די אַרבייטער. דער סוף איז, אַז די היינטיגע $3.75 דרעס

# ⁘ אויפ'ן דרעסמאַכער פראָנט ⁘

פון נ. מ. מינקאָף.

### אָט דאָס איז געווען אַ מיטינג!

מיטוואָך אָוונט, דעם 29טען אַפּריל, האָבען די מיטגלידער פון לאָקאַל 22 אָפּגעהאַלטען אַ גענעראַל מיטינג אין גרויסען סענט ניקאָלאַס פּאַלאַס. שוין דערפאַר אַליין, וואָס אַזאַ גרויסע יוניאָן ווי לאָקאַל 22 מיט איהרע צענדליגער טויזענדער מיטגלידער האָט פאַררופען איין געמיינשאַפטליכען מיטינג איז אַ גענוגענדע אורזאַכע וואָרום מען זאָל עס דערמאָנען אַפילו ווען דאָס איז שוין אַביסעל אחר המעשה; בפרט נאָך ווען דאָס איז געווען אַזאַ שעהנע און יום-טוב'דיקע פאַרזאַמלונג.

דער עולם איז געווען אַ גרויסער — אַן ערך 5,000 — די שטימונג אַ גוטע, אַ חבר'שע. עס איז דאָך געווען ערב יום-טוב, ערב ערשטען מאַי, צו וועלכען מיר האָבען זיך אַלע גרייט אַזוי פיל. אויף דער בינע האָבען מיר אימפּראָוויזירט עפּעס אַ מוזיקאַלישע מאַכעריקע אויף וועלכער מען האָט געשפּילט אַרבעטער לידער אַריינגערעכענט די הימנען פון אונזער אינטערנעשאַנעל און פון דער דרעסמאַכער יוניאָן. די עמפּליפייערס האָבען צוטראָגען די רעוואָלוציאָנערע טענער איבער'ן גרויסען זאַל און דער עולם האָט עס פון צייט צו צייט אונטערגעכאַפּט מיט באַגייסטערונג. אַזוי אַרום האָט זיך דער מיטינג אָנגעפאַנגען אין אַ זייער געהויבענער שטימונג.

אָבער דאָס איז ווייט ניט די גאַנצע אורזאַכע וואָרום אַלעס האָט זיך אַזוי בשלום אָנגעפאַנגען און פאַרענדיגט. דער ערשטער מאַי ווערט שוין געפייערט זייט פילע יאָהרען און טענער פון רעוואָלוציאָנערע מוזיק האָבען מיר שוין געהאַט אויף מיטינגען וועלכע האָבען זיך געענדיגט מיט אַ זעהר טרויעריגען — צו געברויכען אַ מילדען אויסדרוק — סוף. דער עיקר איז אַז אין לאָקאַל 22 איז לעצטענס געשאַפען געוואָרען אַ פרידען אָדער ווי מען רופט עס בלשון אשכנז אַ יוניטעד פראָנט צווישען דער אַדמיניסטראַציע און דער אָפּיציעלער אָפּאָזיציע. מיר געברויכען דעם וואָרט „אָפּיציעלע אָפּאָזיציע" דערפאַר וואָס די לינקע גרופּע איז פון אַלעמען אַנערקענט געוואָרען אַלס אַזאַ. די אַנדערע, אויב עס זיינען אַזעלכע דאָ, שפּילען נים קיין ראָליע. ווי אַזוי איז עס געקומען צו דעם? וועלכע קרעפטען האָבען בייגעטראָגען צו אַ שלום? האָט זיך די אַדמיניסטראַציע אַ בייג געטאָן לינקס אָדער האָבען די חברים פון לינקען לאַגער אַ קער געטאָן זיך אויף רעכטס? דאָס זיינען פראַגען מיט וועלכע די מיטגלידער און אַפילו די זייטיגע לעזער זיינען גוט באַקאַנט און נויטיגען זיך נים אין אונזערע פּרושים. אין איינקלאַנג טאַקע מיט דער נייער פּאָליסי, זיינען אויף יענעם מיטינג ערוועהלט געוואָרען 2 דעלעגאַטען אין דער לאָקאַלער עקזעקוטיוו באָאַרד, אויסצופילען די וואַקאַנציעס פון 2 מיטגלידער וועלכע האָבען זיך צוליב געזונט צושטאַנד צוריקגעצויגען. די 2 נייע מיטגלידער — בען גאָרדזשאַי און מ. מינדאַל — זיינען די אַנערקענטע פיהרער פון דער לינקער גרופּע. זייער ערוועהלונג איז געווען כמעט איינשטימיג. די 2 ברידער „פון פאָלק" וועלכע זיינען אויך געלאָפען האָבען צוזאַמען געקראָגען 2 דוצען שטימען.

אויסער די ערוועהלונג פון די 2 עקזעקוטיוו באָאַרד דעלעגאַטען, זיינען אויף דעם מיטינג אויפגענומען געוואָרען אַ רייהע אַנדערע וויכטיגע פראַגען. דזשוליוס האָכמאַן, וועלכער האָט געמאַכט אַ קורצען באַריכט אויפ'ן מיטינג וועגען דער אַלגעמיינער טעטיגקייט פון דער יוניאָן, האָט באַקומען זעהר אַ שעהנעם קבלת פנים.

### נאָך אַמאָל וועגען סעטלען פּרייזען.

די פּראָבלעמע פון סעטלען פּרייזען האָט ביי אונז פאַרנומען דעם ערשטען אָרט, זייט די ניי-געשלאָסענע אַגרימענטס זיינען אַריין אין קראַפט. דעם אמת זאָגענדיג האָבען מיר זיך אַליין נים פאָרגעשטעלט ווי גרויס קאָמפּליצירט דער גאַנצער ענין איז. מיר האָבען עס אָבער באַלד אויסגעפונען. ווען די סעטלמענט העדקוואָרטערס זיינען עסטאַבלירט געוואָרען און דער פּלאַץ איז באַלאַגערט געוואָרען פון פּרייז קאָמיטעס, בעל הבתים און בגדים צו סעטלען, איז פאַר אַלעמען קלאָר געוואָרען וואָס מען מעג דאָ ערוואַרטען.

צום אַלעם ערשטען האָט מען גענומען אָנשטעלען מענשען אַלס פּרייז אַדזשאַסטערס. די ערשטע געדרעפּטעט צו ווערען זיינען געווען די ביזנעס אַגענטען, וועמעס אָפּוועזענהייט פון זייערע דיסטריקטען האָט תיכף געשאַפען נייע פּראָבלעמען. מיט 2 וואָכען שפּעטער זיינען אָנגעשטעלט געוואָרען 40 אַדזשאַסטערס וועלכע זיינען אַריינגעשיקט געוואָרען פון די לאָקאַלען 22 און 89. מען האָט געאַרבייט אונערמידליך. טעג און נעכט, שבתים און זונטאָגס זיינען די מענשען געשטאַנען ביי זייערע פּאָסטענס. ביסלאַכווייז האָבען די ביזנעס אַגענטען אָנגעפאַנגען אַרויסצוגעהן אין די שעפּער. שטופענווייז האָט זיך די אַרבייט איינגעשטעלט. אָנשטאָט די קאָמפּליינטס וועלכע האָבען זיך געלאָזט הערען אָנפאַנגס — אַ זאַך וועלכע איז געווען צו ערוואַרטען — פאַנגט מען שוין אָן צו הערען אויך אַ ביסעלע לויב געזאַנג. איבערהויפּט איז דאָס לעצטע אמת וועגען די פינישער. זיי, וועמען מען האָט אַלעמאָל געלאָזט אויף דאָס לעצטע, האָבען אַצינד דערגרייכט די מדרגה פון אַ פאַך וועלכע באַקומט די זעלבע אויפמערקזאַמקייט ווי די אָפּערייטאָרס און פּרעסערס.

וואָלטען מיר אָבער נים וועלען אַז אונזערע מיטגלידער זאָלען פאַרבלייבען אונטער'ן איינדרוק, אַז די פיהרערשאַפט פון דער יוניאָן באַטראַכט די פּראָבלעמע געלייזט. די זאַך האָט זיך איינגעשטעלט דערפאַר וואָס עס איז איינגעפיהרט געוואָרען אַ סיסטעם, דערפאַר וואָס דער יוניאָן איז געלונגען אָפּצושטעלען אַ סטעף מיט ערליכע און געוויסערמאַסען פעהיגע מענשען און גלאַוונע דערפאַר וואָס דער „ראָש" האַלט דאָך נים אָן אייביג. עס איז געוואָרען שטילער, איז אַלעס געוואָרען אַלרייט. וואָס וועט אָבער זיין צום קומענדען סיזאָן? ווי אַזוי קען מען זיך פאַרט ספּראַווען מיט'ן ראָש ווען עס גיבען זיך אַ לאָז הונדערטע פירמעס מיט טויזענדע סטיילס? קען מען אָנשטעלען אַזוי פיל עקסטראַ מענשען און נים אַ טראַכט טאָן פון וואַנען וועט מען נעמען מיטלען צו דעקען די גרויסע אויסגאַבען מיט וועלכע דאָס איז פאַרבונדען? הגם אויסער די אַדזשאַסטערס זיינען אויך באַשעפטיגט אַ גרויסע צאָל טעכניקער וועלכע גרייטען צו די „דעסקריפּשאַן"-ליסטען, די צוגרייטונג פון די פאַרשיידענע פּרייז-קאָמיטעס א. אַז. וו.

האָט טאַקע דער גענעראַל מענעדזשער פון דער דרעס דזשאָינט באָאַרד, ברודער דזשוליוס האָכמאַן, באַצייטענס פאָרגעשלאָגען און באַלד אָנגעפאַנגען דורכצופיהרען אַ נייעם פּלאַן, נעמליך — דזשאָינט פּרייז קאָמיטעס. דאָס הייסט צוזאַמענשטעלען די פּרייז-קאָמיטעס באַשטעהענד פון אַלע קאָנטראַקטאָר שעפּער וועלכע אַרבייטען פאַר אַ באַשטימטען דזשאָבער אָדער מאַנופעקטשורער, געבען זיי די נויטיגע אינסטרוקציעס און לאָזען זיי אַליין סעטלען די פּרייזען. די פיהרערשאַפט פון דער יוניאָן דענקט אַז דאָס זאָל פיל אַרויסהעלפען אין דער אַרבייט. ערשטענס טאַקע פון דעם שטאַנדפּונקט פון עקאָנאָמיע. 40 אָדער 50 אַדזשאַסטערס מיינט וואַסערע 25 הונדערט דאָלאַר אַ וואָך שכירות. צווייטענס, וועט מען פאַרלירען וועניגער צייט וואַרטענדיג ביז וואַנען די פּרייזען וועלען געסעטעלט ווערען. מיר ווייסען אַז עס זיינען דאָ פילע שוועריגקייטען. מען קען זיך נים פאַרלאָזען אויף אַלע פּרייז-קאָמיטעס, דערפאַר וואָס פילע פון זיי וועלען זיך פיליכט נים וועלען איינרייסען מיט די בעל הבתים, אפשר זיינען דאָ אַנדערע אויסזעצונגען; מען דאַרף אָבער דעם פּאַל אויספּראָבירען און אַנטוויקלען. עס איז ווערט די אָנשטרענגונג.

דער שרייבער איז געווען אַ בעלן צו הערען וואָס ברודער איזידאָר האָראָוויץ האָט וועגען דער פראַגע צו

וועלכער איז פון דעם אינטערנעשאנעל בילדונג דעפארטמענט צונעשטעלט געווארען צו דעם לעצטען מיטינג פון דער דזשענעראל עקזעקוטיוו באארד. יענער באריכט ווייזט, אז מיט קליינע אויסנאמספאלען, איז כמעט יעדער לאקאל, יעדער פרויען קליידער צענטער אין לאנד, אקטיוו אויף דעם געביט פון בילדונגס און אויפקלערונגס ארבייט. דער ברייטער עולם מיטגלידער לערנען זיך שרייבען, לעזען; לערנט זיך וויסענשאפט, מוזיק, דראמע און קונסט. מען זוכט צו דערהויבען זיך צו א העכערען קולטורעלען מצב. מען זוכט אנצוזאגען דאס, וואס די הערשענדע קאפיטאליסטישע ארדענונג האט פון א סך פון אונז אוועקגערויבט אין די יונגע יארען.

עס האט זיך אנפאנגס געפאדערט אז עמיצער זאל אט דער וויכטיגער באוועגונג געבען א שטויס פאראויס, בייקומען די אפאזיציע פון די ציניקער און סקעפטיקער, וועלכע האבען גע'טענה'ט, אז אזעלכע טעטיגקייטען באלאנגען צו ארגאניזאציעס וועמעס ספעציעלע אויפגאבע איז צו „קנעלען" מיט די מאסען. מען האט אנגעוויזען אז דאס איז אן עסק פאר אונזערע פאליטישע און פראטערנאלע ארגאניזאציע. „א יוניע", האבען די מענשען געדבר'ט, „דארף זיך אפגעבען מיט שאפ, מיט ברויט פראגען". מיר דערמאנען זיך אן אזא אינצידענט. דאס איז געווען אין פריהלינג פון יאר 1930. לאקאל 22 האט נאר וואס דורכגעמאכט איינעם פון אירע פעריאדישע גענעראל סטרייקס. דאס מאל האט זיך אביסעל איינגעגעבען. די מיטגלידערשאפט האט דערגרייכט 12 טויזענט. מיר האבען זיך אריבערגעצויגען אין דער 35־טער גאס. א שעהנעם אפיס. א שעהנע קאונסיל רום. עס האט זיך געדאכט און געהאפט, אז אונזער יוניאן איז ענדלאך צו זיך געקומען. איז עמיצען איינגעפאלען א געדאנק אנצופאנגען אביסעל „עדיוקיישאן". דורך א צופאל איז דעם שרייבער אויסגעקומען אנוועזענד צו זיין אויף יענעם מיטינג. האבען מיר זיך אנגענומען מיט קוראזש און „גענומען א ווארט אין דער פראגע". געדענקען מיר, ווי קאלט די עקזעקוטיווע האט זיך באצויגען צו אונזער אויפרוף: מאנכע דעלעגאטען זיינען טאקע שארף ארויסגעטראטען געגען דעם. עס איז פארבליבען ביים אלטען.

דערפאר האט אבער לאקאל 22 ניט פארלוירען קיין צייט אין 1933. נאך איידער דער אפיס האט זיך איינגעשטעלט און אפילו איידער אלע סטרייקער זיינען געווען צוריק אין די שעפער, האט שוין אין לאקאל פונקציאנירט אן אקטיווער בילדונגס דעפארטמענט. די טויזענטער נייע מיטגלידער פון דער יוניאן האבען באלד גענומען קריגען פארשידענע בראשורען, ליפלעטס און אנדערע אויפקלערונגס ליטעראטור. קלאסען זיינען ארגאניזירט געווארען, לעקטשורס זיינען געהאלטען געווארען. אויף אזא אופן האט זיך אנגעפאנגען אן אונטערנעמונג וועלכע איז מיט דער צייט געוואקסען אין פאפולאריטעט און איינפלוס. קרוב פון 4000 מיטגלידער פון לאקאל 22 באטייליגען זיך אצינד אין דער בילדונגס, קולטור און ספארט טעטיגקייטען. ווען מען שטודירט דעם דערמאנטען באריכט אין „דזשאסטיס" באמערקט מען טאקע אז פון די 270 אינטערנעשאנעל קלאסען ווערען 120 אנגעפירט פון לאקאל 22. ניט נאר איז דער לאקאל דער פיאנער אויף דעם געביט, נאר ער איז אויך עד היום דער טעטיגסטער טייל פון דער גאנצער לויבענסווערטער אונטערנעמונג.

אנערקענונג דערפאר קומט ניט נאר צו דעם הויפט־פארוואלטער פון לאקאל, ברודער זימערמאן, נאר אויך צום באשיידענעם אבער העכסט אינטעלעקטועלען דירעקטאר פון בילדונגס דעפארטמענט פון לאקאל 22 — וויל הערבערט, וועלכער האט זיך ערווארבען א גרויסען נאמען.

די איבעריגע 3 לאקאלען פון דער דזשאינט באארד באטייליגען זיך אויך אקטיוו אין דער זעלבער ארבייט. לאקאל 10 האט 11 קלאסען, לאקאל 60 האט 9 קלאסען, און לאקאל 89 האט 14. די מערסטע מענער פון דעם גרויסען אינטערנעשאנעל כאר זיינען מיטגלידער פון לאקאל 60. צווישען זיי א צאהל נעגערס.

לאקאל 22 האט אפיציעל געשלאסען דעם היינטיגען זמן בילדונגס־טעטיגקייט מיט א סימפאזיום אין דעליגא האטעל, דעם 28טען מאי. די טעמע איז געווען „א ליר־באר פארטיי פאר אמעריקע". 3 פארשטעהער, וועלכע האבען פארטראטען די שטאנדפונקטען פון דער לאווסטאניסטישער, קאמוניסטישער און סאציאליסטישער פארטיי, האבען זיך באטייליגט. אן עולם פון צוויי טויזענד מענשען האבען אלע רעדנער געגעבען אן ענטוזיאסטישע אויפנאמע.

מיר באגריסען הערצליך דעם באשלוס פון דער דזשענעראל עקזעקוטיוו באארד פון דער אינטערנעשאנעל, צו פארגרעסערען דעם ביודזשעט פאר בילדונגס טעטיגקייט ביז 75 טויזענד דאלער א יאר. אויך דער באשלוס איבערצונעמען איינע פון די עקזיסטירענדע סקולס פאר אן ארבייטער אינסטיטוט, וואו קאנדידאטען פאר עמטער אין דער יוניאן אדמיניסטראציע וועלען קריגען די נויטיגע אונטעריכטונג. מען דערצעהלט א וויץ וועגען א באשלוס פון לאקאל 9 (דאס איז געווען נאך פאר'ן מתן תורה פון 1910. א ראיה אז דער שרייבער האט עס אליין ניט געהערט) אז א סעקרעטאר האט יא געמעגט קענען שרייבען. א קאמפעטענטער יוניאן פארשטעהער דארף היינט מעהר ווי קענען שרייבען. ער מוז פולשטענדיג באזיצען די שפראך; ער מוז קענען די געשיכטע פון לאנד און פון אונזער באוועגונג; ער מוז פארשטעהן ציפערען; ער מוז זיין בעהאווענט אין עקאנאמיע, אין סאציאלער פארזיכערונג און טאג־טעגליכע פראבלעמען, וועלכע האבען א שייכות מיט דעם לעבען און שטרעבען פון ארבייטער קלאס. אויב ער איז דאס ניט און זוכט ניט צו דערגרייכען די שטופע, איז שלעכט.

## אן עקזעקוטיוו „מאס" מיטינג.

דינסטאג, דעם 9טען דזשון, זיינען די מיטגלידער פון דער גענעראל עקזעקוטיוו באארד פון אונזער אינטערנעשאנעל אנגעקומען צוריק אין ניו יארק. צווישען זיי האבען זיך אויך געפונען די הויפט פיהרער פון די דרעסמאכער, די וויס־פרעזידענטען סאשא זימערמאן, אנטאניני, און פערלמוטער. ברודער האכמאן איז אנגעקומען שבת, דעם 13טען. די דרעסמאכער האבען זייערע פיהרער געגעבען א שעהנעם קבלת פנים. דעם זעלבען אווענט האבען מיר בכיון פארבלאנדזשעט צום מיטינג פון דער עקזעקוטיוו באארד פון לאקאל 22. דאס איז באמת געווען א מאסען מיטינג. אויסער יעדען עקזעקוטיוו באארד מיטגליד און בעאמטען האבען מיר דארט געטראפען א גרויסע צאהל אקטיווע מיטגלידער. די קאונסיל רום איז געווען געפאקט מיט מענשען. פילע זיינען געשטאנען א גאנצען אווענט. פאר קארגע צוויי שטונדען צייט האט ברודער זימערמאן געהאלטען זיינע צוהערער געשפאנט מיט זיין אינהאלטסרייכען באריכט. דער איינדרוק וואס זיין רעדע האט אויף אונז געמאכט איז, אז דער מענש איז געקומען פון א וועלט־קאנגרעס. יעדע פראגע, וועלכע ער האט בארירט איז געווען פון אזא גרויסען פארנעם, פון אזא גרויסער באדייטונג, און איבערגעגעבען האט ער עס אין זיין געוועהנליך רוהיגען אביעקטיווען אופן. עס האט אויף אונז אלעמען געמאכט א שטארקען איינדרוק.

צו דעם זעלבען מיטינג איז אויך געקומען בר. דזשעק בראדער, וועלכער איז מיט א פאר שטונדען פריער אנגעקומען פון א באזוך אין די סאוועטען. דער פלאץ ערלויבט ניט היינטיגס מאל איבערגעבען זיין גרוס. וואס מיר ווילען יא באטאנען איז, אז מיט זיינע דאקומענטען פון לאקאל 22 האט מען אונזער דזשעקען דארט אויפגענומען ווי אן איינענעם חבר. אפיציעלע קאמיטעס האבען איהם איבעראל באגריסט.

מיר ווילען האפען, אז נאך א מיטגליד פון לאקאל 22, וועלכער האט אויך געוואונען א פרייז אויף אונזער לעצטער אונטערנעמונג — ברודער טשארלס קליין — און וועלכער איז מיטוואך, דעם 17־טען דזשון אפגעפארען אין די סאוועטען, וועט באקומען כאטש א ביסעלע פון דער פריינדליכקייט וועלכע איז ארויסגעוויזען געווארען דזשעק'ן. דאס וועט פאר איהם זיין גענוג.

איז אויפגעמאכט פונקט אזוי שעהן ווי די $10.75 דרעס פון א פאר יאהר צוריק. פארדינען פארדינט שוין ביי איהר דער ארבייטער א סך וועניגער און טאמער מאכט ער היינט דאס זעלבע וואס ער האט געמאכט מיט עטליכע יאהר צוריק איז דאס פשוט דערפאר וואס מען ארבייט איבער די מענשליכע כחות. אנשטאט וואס מען פלעגט אמאל זיצען ביי די מאשינען און ארבייטען ווי נארמאלע מענשען, טיילען זיך מיט זיסע זכרונות און גאנץ אפט זינגען א רעוואלוציאנערע לידעל, איז דער היינטיגער דרעסמאכער פארוואנדעלט געווארען אין א מעכאנישען טייל פון זיין מאשין. ניט ער רעדט, ניט ער זינגט, ניט ער דונערט. ער איז צוגעשמידט צום מאשין און ארבייט ווי א טייוועל.

ווען עס וואלט אפגעשטעלט געווארען אט די סטייל־גנבות, וואלטען פיליכט ארויס פון דער מאדע די $2.87 און אנדערע ביליגערע ליינס דרעסעס, אבער אונזערע מענשען וואלטען אנגעפאנגען צו לעבען און ארבייטען ווי מענשען און ניט ווי מאשינען.

## פרייט זיך! עס קומט א בעסערער סיזאן.

אויב מען זאל וועלען גלויבען די באריכטען אין די טרייד צייטונגען מעג מען זיך ריכטען אויף א פריהען און אויך א בעסערען הערבסט־סעזאן. זאגט, צום ביישפיל, עדווארד וויינשטיין, דער מענעדזשער פון א גרויסער ארגאנער פירמע: „מיר וועלען זיין גרייט צו דינען אונזערע קאסטאמערס באצייטענס, און ניט בלויז מיט סעמפעלס, נאר מיט א פולען ליין. מיר ערווארטען צו טאן אם ווענינסטען 20 פראצענט מעהר ביזנעס דעם קומענדען סיזאן”.

א. וו. זעלאמעק, וועלכער ווערט פון דער טרייד־צייטונג „וואומענס ווער” באצייכענט אלס אן עקאנאמיסט, זאגט: „די פרויען קליידער אינדוסטריע איז די ערשטע צו ליידען אין א דעפרעסיע און די לעצטע צו שטייגען ביי אן עקאנאמישער פארבעסערונג”. עס זאל הייסען, אז די לאגע אין לאנד האט זיך טיילוויז פארבעסערט דורך די לעצטע 2 יאהר. צוערשט האבען דערפון פראפיטירט די מענער־שניידער, אצינד איז עס אונזער נעקסט.

אזוי ווי מיר האלטען זיך ניט פאר קיין שטארקען בקי אין די ענינים, קענען מיר די נביאות פון ביידע פאראויסזאגער ניט גאראנטירען. צוזאמען מיט די דרעסמאכער ווילען מיר האפען, אז זייער צוזאג וועט מקוים ווערען אפילו ווען זייער „עקאנאמיע” זאל אביסעל אונטערהינקען.

## נאך $25,000 אויפגעמאנט פון די בעל־הבתים.

גוואלד, ווען וועלען שוין אונזערע בעל הבתים ווערען ליטישע מענשען און אויפהערען צו באשווינדלען די ארבייטער. געדענקען דאך אונזערע מיטגלידער די גרויסע סומען געלדער וועלכע מיר פלעגען אויפמאנען פון די בעל הבתים לעצטען יאהר, אין שטראפען און סתם ניט־דערצאהלטע שכירות. האבען מיר שוין געטראכט אז אונטער דעם נייעם אגרימענט, מיט דער נייער סיסטעם, וועלען אזעלכע זאכען ניט פאסירען; הויבט זיך עס נאך ניט אן. ווען עס קומט צו סעטלען פרייזען דינגט מען זיך ווי מארק־אידענעס. איז מען נאך אבער אליין ניט צופרידען. מען זוכט אפצונארען דעם ארימען ארבייטער אויף טריט און שריט. איינער פון די לעצטע סקימס איז צושטוקעווען א סך עקסטרא ארבייט צום גארמענט נאכדעם ווי מען האט איהם שוין אפגעסעטעלט און אויב דאס איז ניט גענוג, צאלט מען סתם א נידעריגען פרייז ווי מען האט לכתחילה אפגעמאכט. נו, און פון דער אלטער מעטאדע פון אויפמאכען אביסעל ארבייט ערגעץ אין א סוועטשאפ, איז מען נאך אויך ניט באפרייט. צו היטען די אינטערעסען פון די ארבייטער, מוז די יוניאן תמיד שטעהן אויף דער וואך. דער סטעף מיט אקאונטענטס איז שטענדיג ביזי. דערצו האט אויך די דזשאינט באארד ארויסגעשיקט צו יעדען שאפ א ליסטע אויף וועלכער די טשערלייטע מוזען אויפשרייבען יעדע סטייל וועלכע מען נייט און די פרייזען וואס מען צאלט. א דאנק אט די ליסטען און די ספעציעלע אונטערזוכונגען פון אונזערע אקאונטענטס איז לעצטענס אויפגעמאנט געווארען די סומע פון 25 טויזענט דאלער וועלכע איז פארטיילט געווארען צווישען די באטרעפענדע ארבייטער.

מען זאגט, אז גערעכט מעג מען זיין אפילו צו אן איינענעם טאטען. ווילען מיר דא באטאנען, אז דאס אויבען געזאגטע באציט זיך ניט צו יעדער פירמע אין דרעס טרייד. עס זיינען דא בעל הבתים וועלכע זיינען עהרענהאפט און היטען אפ זייערע אפמאכען. זייער צאל איז, ליידער, זעהר קליין.

## עטליכע ציפערען וועגען קראנקענפאנד פון לאקאל 22.

פאר אונז ליגט א 50 בלאטיגער באריכט פון לאקאל 22 קראנקען בענעפיט פאנד וועלכער איז צונעשטעלט געווארען פון דר. לעאן פרייס (לעאן אדער ליא פרייס איז דער זון פון דר. דזשיי. מ. פרייס, דירעקטאר פון אונזער יוניאן העלט סענטער). דער באריכט אנאליזירט פאלשטענדיג די קראנקען־פאלען פון די לאקאל 22 מיטגלידער פאר דעם יאהר 1935. ער אנטהאלט א מאסע ציפערען, טאבעלען, אילוסטראציע און קאמענטארען וועלכע זיינען פון אן אונגעהייער גרויסער וויכטיגקייט. עס איז זעהר מעגליך, אז דער באריכט זאל געדרוקט ווערען אין א ספעציעלען בולעטין און אויף אזא אופן פארשפרייטען עס צווישען די מיטגלידער פון דער יוניאן.

איבערצוגעבען אין דעם קורצען איבערבליק אפילו דעם תמצית פון באריכט וואלט פשוט געווען אונמעגליך. מיר וועלען דארום אנגעבען בלויז א פאר פון די סאמע וויכטיגסטע פאקטען:

1355 מיטגלידער פון לאקאל 22 האבען זיך געווענדעט נאך קראנקען בענעפיט. פון זיי זיינען געווען 354 מענער און 1001 פרויען.

4352 וואכען קראנקען בענעפיט (צו 7 דאלער א וואך) זיינען באוויליגט געווארען. דאס מאכט אויס $21.60 פאר יעדען אפליקאנט וועמעס אפליקאציע איז גוט געהייסען געווארען.

3077 מעדיצינישע אונטערזוכונגען זיינען געמאכט געווארען אין פארבינדונג מיט 1355 קייסעס. פון די זיינען 1108 אונטערזוכונגען געמאכט געווארען אין אפיס פון יוניאן העלט סענטער, 1070 וויזיטען זיינען געמאכט געווארען פון יוניאן העלט דאקטוירים אין די וואוינונגען פון די מיטגלידער, 413 אין האספיטאלס און 680 ספעציעלע לאבאראטאריע אונטערזוכונגען.

די גרעסטע צאל קראנקען פעלע געפינען זיך אין דער קאטעגאריע וועלכע רופט זיך אין דער מעדיצינישער שפראך „רעספירעטארי”. דאס שליסט איין די פאלגענדע קראנקהייטען: ניומאניע, פליוריסי, אינפלוענזא, בראנקייטיס, טאנסילייטיס, אסטמא, סינוסייטיס א. אז. וו. 219 מיטגלידער האבען געליטען פון די קראנקהייטען און האבען באקומען522 וואכען בענעפיט.

870 וואכען בענעפיט איז אויסגעצאלט גווארען צו 202 מיטגלידער, וועלכע האבען געליטען פון בארסיטיס, ארטרייטיס, לאמבענא, סיאטיקא, ניורייטיס, הארניע, פרעקטשורס. די לעצטע באשטייט פון 58 מיטגלידער, וועלכע האבען צובראכען זייערע פיס.

615 וואכען איז אויסגעצאהלט .געווארען צו 124 מיטגלידער וועלכע האבען געליטען פון די פאלגענדע קראנקהייטען: אפענדיסיטיס, גאלבלאדער, אלסערס, מערידען, קענסערס א. אז. וו.

פון די 1355 קייסעס האבען 343 דורכגעמאכט אפעראציעס און האבען געקראגען אויסגעצאהלט 1445 וואכען בענעפיט.

אויסער די דערמאנטע 1355 קראנקען קייסעס זיינען אויך פארגאנגענעם יאהר געווען 12 קאנסאמפשאן קייסעס. פון די זיינען געווען 6 פרויען און 6 מענער.

אויסער שטיצע צו נויטבאדערפטיגע מיטגלידער, אויסער ספעציעלער קראנקען בענעפיט, וועלכער איז אין דער פארמע פון אן „אדזשארסטמענט” באשטימט געווארען פון דער רעליף קאמיטע, אויסער מעדיצינישע הילף פאר דער אלגעמיינער מיטגלידערשאפט און אויסער אלע פארוואלטונגס אויסגאבען איז צו די אויבען דערמאנטע קייסעס, לויט דר. פרייס'עס באריכט, אויסגעצאלט געווארען די סומע פון 36,950 דאלער.

## די בילדונג טעטיגקייט פון אונזערע לאקאלען.

אין איינעם פון די לעצטע נומערען „רזשאסטים”, אונזער ענגלישער זשורנאל, איז ערשינען דער באריכט,

# די טעטיגקייט פון דזשאינט באארד פון סאן פראנציסקא

פון י. מענקאף

עס איז שוין באוואוסט צו די לעזער פון דער „גערעכטיגקייט", אז מיט דער מיטווירקונג פון וויים־פרעזידענט פיינבערג איז אונז געלונגען צו קריגען א 5 און $7\frac{1}{2}$ פראצענטיגע העכערונג אויף די וועכענטליכע פארדינסטען פון א גרויסער צאל ארבייטער באשעפטיגט אין די קלאוק־שעפער. פארשטעהט זיך, אז נישט אזוי לייכט איז אנגעקומען צו קריגען די העכערונג און נאכדעם ווי די העכערונג איז נעקראגען געווארען אויפ'ן פאפיר, האט זיך דאן ערשט געפאדערט דער שטארקער דרוק פון דער יוניאן צו רעאליזירען די העכערונג. פאר א צאל וואכען האט זיך געפאדערט די גאנצע ענערגיע און צייט פון אונזערע באאמטע און אקטיווע מיטגלידער צו היטען אז קיינער פון די קלאוק־באסעס זאל נישט אפנארען די ארבייטער.

***

אונזער דזשאינט באארד האט גענומען די איניציאטיווע צו רופען א קאנפערענץ פון די נידעל טרייד יוניאנס פאר'ן צוועק צו האלטען א געמיינזאמע 1טע מאי פייערונג, וועלכע איז ערפאלגרייך דורכגעפירט געווארען. אין דער פייערונג האבען זיך באטייליגט אונזערע 3 לאקאלען — די דזשוירנימען טיילארס יוניאן, דער היגער אמאלגאמייטעד לאקאל און די פאריערס יוניאן. טשערמאן פון אווענד איז געוועזן אונזער אינטערנעשאנעל ארגאנייזער דזשעני מיטיעס און באגריסונגען פון די אנטיילגעמענדע יוניאנס זיינען געהאלטען געווארען. אונזער ניי־געשאפענער כאר האט געזונגען און אן איין־אקטער איז פיין דורכגעפירט געווארען. די הויפט־רעדנער זיינען געוועזן: וויים־פרעזידענט פיינבערג, וועלכער איז ספעציעל געקומען פון לאס אנדזשעלעס, און דר. פאטשי, דער אנפירער פון דעם היגען איטאליענישען ארבייטער ערציהונגס ביורא.

ביי דער דאזיגער פייערונג איז געזאמעלט געווארען 60 דאלאר פאר דעם מוני־ און אנדערע ארבייטער פארטיידיגונגס־פאנדען אין קאליפארניא.

אחוץ די שבת'דיגע אפען פארומס וועגען וועכענטליכע פאסירונגען, אנגעפירט פון מר. ליטש, האבען מיר יעצט איינגעפירט מאנאטליכע עדיוקיישאנאל מיטינגס, וועלכע רופען ארויס א שטארקען אינטערעס ביי אונזערע מיטגלידער.

***

מיר האבען געמאכט א גוטען אנפאנג מיט דער ארגאניזירונג פון א יוניאן־כאר, וועלכער וועיזט אלע סמנים פון ערפאלג, גרופירענדיג ארום זיך די רענק און פיילער.

אונזער דרעסמאכער יוניאן, וועלכע איז בלויז צוויי יאר אלט, קומט אויס צו באגעגענען גרויסע שוועריגקייטען אין איר ארבייט. פון איין זייט, די שעדליכע קאנקורענץ פון די כינעזישע סוועט־שעפער, און פון דער צווייטער זייט די ביטרע מאנעווערס פון מאנכע דרעסבאסעס וועלכע קאנען זיך נישט צונעוואוינען צום געדאנק, אז אויך דרעסמאכער זאלען האבען א יוניאן. איינער פון די דרעס־באסעס איז לעצטען סעזאן מכלומרשט ארויס פון ביזנעס, אבער אין דער ווירקליכקייט האט ער געשיקט די ארבייט אין כינעזישע סוועט־שעפער, טראץ דעם וואס זיין אונטערשריפט געפינט זיך אויפ'ן אגרימענט מיט דער אסאסיאיישאן. אונזער אטוירני, מר. גרופ, א זעהר אגרעסיווער און פראגרעסיווער יונגערמאן, האט אונטערנומען צו ברענגען די קייס אין קאורט און נאך עטליכע חדשים ראנגלעניש אין קאורט צווישען די אטוירנים פון ביידע צדדים, האט ריכטער הערים פון סופיריאר קאורט באוויליגט אן אינדזשאנקשאן געגען דער פירמע פארבאטענדיג די פארטזעצונג פון יוניאן אגרימענט־פארלעצונג.

די נייעס פון דעם אינדזשאנקשאן האט אונז דערגרייכט פונקט דאן, ווען מיר האבען געהאט דעם מיטינג מיט אונזער דזשענעראל עקזעקוטיוו באארד. עס האט אונזערע געסט זעהר געפרייט צו הערען, אז אפילו אין קאליפארניע וועלכע האט א רעקארד מיט אירע ארבייטער „פריים־אפס" און „ווידזשילאנטיזם" ווערען דאך יוניאן אגרימענטס רעספעקטירט פון בעסערען טיפ ריכטער, נישט קוקענדיג דארויף וואס דער היגער אינדאסטריעל אסאסיאישאן איז באקאנט אלס פארביסענע געגנער פון יוניאנס האט געטאן אלעס מעגליכעס נישט צו דערלאזען אז דער אינדזשאנקשאן זאל באוויליגט ווערען.

***

אונזער יונגער קאטערס לאקאל, איינזעהענדיג די נויטיגקייט פון א הילפס־פאנד פאר מיטגלידער אין צייט פון נויט, האט זיך אונטערנומען אזא פאנד צו שאפען און געמאכט א גוטען אנפאנג מיט דער אראנזשירונג פון א לאקאל־באל אין יוניאן העדקווארטערס, געהאלטען דעם 25טען אפריל, וועלכער האט זיך אויסגעצייכענט מיט געשמאק.

***

אז אונזער יוניאן איז דא „צו פארבלייבען", באווייזט די ענטשטעהונג פון דעם גוט־באוואוסטען אוט או טאון פראבלעם אויך ביי אונז.

דער אנפאנג איז געמאכט געווארען מיט אונגעפער א יאר צוריק, ווען 3 קלאוקמאכער, וועמעס פארגאנגענער רעקארד אין דער ארבייטער־באוועגונג ווי אין פריוואטען לעבען איז נישט פון בעסטען סארט, האבען זיך צוזאמענגענומען און געעפענט אין דער דערבייאיגער שטאט אוקלאנד א קארפארייש אן סקעב־שאפ באנוצענדיג זיך מיט מיזעראבלע פארדינסטען. די יוניאן האט אנגעווענדט אלע פרידליכע מיטלען צו באזייטיגען דעם שעדליכען סקעב־נעסט, אבער אן ערפאלג. די יוניאן איז ענדליך געצוואונגען געוועזן צו רופען א סטרייק אין דעם שאפ.

ווען אונזערע מיטגלידער זיינען געוועזן אויפ'ן פיקעטליין, מארטש דעם 28טען, זיינען זיי באגעגענט געווארען פון איינעם א מר. הורוויטש, א נפש, וועלכער פיגורירט שטענדיג אלס שטארקער. און ווען א געשלעג איז פארגעקומען, האט ער זיך פארנומען, מיט דער הילף פון באוואוסטע רעאקציאנערע עלעמענטען, צו „פריימען" 5 פון אונזערע מיטגלידער, — די ברידער דיינער, ביזנעס אגענט; גייל, סעק. פון דזשאינט באארד; סעמפעל, טשערמאן פון קאטערס לאקאל; גרין און דייוויס, מעמבערס פון לאקאל 8, — אויף דער קלאגע פון קאנספיראציע. יעדער ארעסטירטער איז געשטעלט געווארען אונטער 25 הונדערט דאלאר קעש בייל. נאך שווערער ארבייט פון אונזער אטוירני, מר. גרופ, האט זיך איינגעגעבען צו רעדוצירען די בייל צו טויזענט דאלאר פאר יעדען, און דער טרייעל קומט פאר דעם 29טען יוני, און מיר זיינען זיכער, אז די גאנצע געשיכטע וועט פלאצען ווי א זייפענבלאז. איין זאך איז אבער זיכער, אז די אלע מאנעווערס פון מר. הורוויטש און זיינס גלייכען וועט נישט אפשרעקען אונזערע מיטגלידער. מיר זיינען אנטשלאסען פארטצוזעצען דעם סטרייק ביז מר. הורוויטש וועט נאכקומען די גערעכטע פאדערונגען פון דער יוניאן.

אלס רעזולטאט פון דער אטאקע, איז געשאפען געווארען פון אונזערע לאקאלען א פארטיידיגונגס־פאנד מיט'ן ציל צו שאפען און עטאבלירען א 10 טויזענט דאלאר־פאנד, פאר וועלכען מעמבערס האבען זיך געטעקסט מיט סומען פון א דאלאר און א האלב ביז פינף דאלאר, לויט די טריידס און פארדינסטען.

און צום קרעדיט פון אונזערע מיטגלידער זאל געזאגט ווערען, אז אין דער קורצער צייט פון דריי וואכען ביז דער ענדע פון סעזאן, איז פון אונזערע מיטגלידער איינגעצאלט געווארען אויף דעם דאזיגען טעקס די רונדע סומע פון צוויי טויזענט דאלאר.

א צווייטע פירמע (אנטאני בראדערס), וועלכע האט ביז איצט זיך ספעציאליזירט אין סקוירט מאנופעקטשערינג, האט זיך אונטערנומען צו ווערען קלאוק מאנופעק־

# די ניט־נודס ארבייטער גרייטען זיך צום קאמף

די ניט־נודס מאנופעקטשורערס האבען אין אן אפיציעלער קאמוניקאציע זיך אפגעזאגט צו באנייען דעם אגרימענט מיט דער ניט־נודס מאכער יוניאן, וואס געהט אויס דעם 15טען יולי, 1936. בעפאר אט דער בריוו איז ארויסגעשיקט געווארען האט די אסאסיאיישאן אין א גאנצער רייע ערקלערונגען און ליפלעטס אנגעגעבען דעם גרונד, ווארום די מאנופעקטשורערס ווילען ניט באנייען דעם אגרימענט און געזוכט צו איבערציינגען די ניט־נודס ארבייטער אז זיי זיינען בארעכטיגט צו אזא האנדלונג.

עס איז באשיינפערליך, דאס די ניט־נודס פאבריקאנטען ווילען אויסנוצען די געלעגענהייט פון דעם שלעכטען ספרינג־סעזאן און שלאגען קאפיטאל פון דעם שווערען צושטאנד און געמיט פון די ניט־נודס ארבייטער כדי אפצושוואכען די יוניאן. דער ציל פון די באלעבאטים איז אויגענשיינליך. זיי ווילען מיט איינמאל צונעמען ביי די ארבייטער די געווינסען, וואס זיינען עראָבערט געווארען אין א שווערען און לאנג־יאהריגען קאמף. אודאי פארשטעהען זיי, אז דאס קען ניט אזוי לייכט געמאן ווערען אזוי לאנג ווי עס עקזיסטירט א יוניאן אין טרייד. דעריבער טאקע האבען זיי זיך פארמאסטען צו צושמעטערען אונזער יוניאן. כדי זייער ציל צו דערגרייכען האבען זיי פארזוכט זיך צו באנוצען מיט די זעלבע מעטאדען וואס די גרויסע בערען אין דער שטאל־אינדוסטריע. איבעריג צו זאגען, אז אין פארגלייך מיט די מעשים פון די גרויסע אפען־שאפס אין דער שטאל־אינדוסטריע האט דער פארזוך פון אונזערע קארליקעס אויסגעקוקט ווי א פארזעהעניש און דער רעזולטאט איז פשוט לעכערליך. די ניט־נודס ארבייטער האבען אין גאנצען איגנארירט די באשולדיגונגען פון די באלעבאטים און זיי האבען גראדע, אין געגענטייל, נאך פארגרעסערט די לאיאליטעט צו דער יוניאן, וואס זיי האבען מיט גרויס מיה אויפגעבויט.

אונזער יוניאן איז בלויז דריי יאהר אלט און עס איז ניט קיין וואונדער וואס אונזערע באלעבאטים האבען זיך ניט געריכט דערויף, אז אזא יונגע בייבי זאל אויף זיך האבען אזא ממזר'שען קאפ. דער ענטפער אויף דעם אפזאג פון די באלעבאטים צו באנייען מיט אונז דעם אגרימענט איז געווען א מאביליזאציאנס־רוף צו אונזערע מיטגלידער אז זיי זאלען שטעהן גרייט צום קאמף.

די ניט־נודס ארבייטער האבען ניט בלויז צוריקגעוויזען דעם פארזוך פון די באלעבאטים אפצונעמען ביי זיי די געווינסען פון די לעצטע דריי יאהר, נאר זיי באשטעהען דערויף אז דער נייער אגרימענט מוז זיין א בעסערער ווי דער אלטער איז געווען. און זיי האבען גלייך ארויסגעשיקט זייערע פאדערונגען צו די ניט־נודס באלעבאטים.

די פאדערונגען ענטהאלטען 20 פונקטען. די וויכטיגסטע פון זיי זיינען: ארבייטסלאזען פארזיכערונגס־פאנד, העכערע מינימום סקיילס, די פאראנטווארטליכקייט פון דזשאבערס, אנדערהאלבען מאל געצאלט פאר „אווערטיים", צעהן באצאלטע לעגאלע „האלידעיס", צו באזייטיגען היים־ארבייט און גלייכע ארבייטס־צוטיילונג דורכגעפירט דורך דעם שאפ־טשערמאן מיט א קאמיטע פון ארבייטער.

די ערפארונגען אין דער ניט־נודס אינדוסטריע, אזוי גוט ווי אין אלע צווייגען פון דער נידעל־אינדוסטריע, האבען אונז געלערענט אז צום בעסטען פארשטעהען די באלעבאטים די שפראך פון קאמף און אז ערפאלגרייכע אגרימענטס קענען בלויז דעמאלט געשריבען ווערען ווען די יוניאן האט קראפט גענוג צו אונטערשטיצען איהרע פאדערונגען דורך די ארבייטער אויף דער פיקעט־ליין.

וועל, אונזער יוניאן האט די דאזיגע זיכערקייט. ווען עס וועט קומען דערצו, וועלען זיך די באלעבאטים איבערציינגען דורך דער פיקעט־ליין, אז די ארבייטערשאפט אין טרייד שטעהט הינטער אונז שטאל און אייזען. די סטרייק מאשינערי איז שוין צוגעגרייט. די יוניאן איז גרייט פאר יעדען נויט־רוף, אלץ איינס צי דאס איז קריג אדער פרידען.

דעם ערשטען מאביליזאציע־רוף צו דער מיטגלידערשאפט האבען מיר ארויסגעלאזט אויף דאנערשטאג, דעם 18טען יוני, 1936. אלע ווי איין מאן זיינען זיי געקומען אין מיטען העלען טאג צום פארזאמלונגס־פלאץ, אין קופער יוניאן. א שאד בלויז, וואס מיר האבען אליין אונטערגעשעצט אונזערע כחות. עס זיינען געקומען א שעהן ביסעל מעהר ארבייטער ווי מיר האבען ערווארטעט און א סך, גאר א סך האבען לײדער געמוזט שטעהן אין דרויסען אנטוישט אדער זיך אומקערען אהיים.

אויפ'ן מיטינג האבען גערעדט א גאנצע רייע רעדנער, טוער פון אונזער יוניאן און די וויכטיגסטע פיהרער פון דער אינטערנעשאנאל, ווי אונזער ערשטער וויס־פרעזידענט אנטאניני, די וויס־פרעזידענטען דזשוליוס האכמאן, סאשא צימערמאן, ראוז פעסאטא און אונזער נייער ארגאנייזער, ברודער ראפאפארט.

די הויפט־רעדנער זיינען געווען פרעזידענט מעקמאהאן פון די יונייטעד טעקסטייל ווארקערס און אונזער פרעזידענט דובינסקי. ביידע הויפט־פיהרער פון די צוויי ריזיגע אינטערנעשאנאל יוניאנס האבען פארזיכערט די ניט־נודס ארבייטער זייער פולע אונטערשטיצונג. א שטורם פון אפלאדיסמענטען האט באגלייט זייערע רעדעס.

ברודער דובינסקי איז ביי אונזער מאביליזאציע־מיטינג געווען אין א באזונדערס גוטער שטימונג. דאס האט אויף איהם אזוי געווירקט דער פאקט, וואס טויזענטער ארבייטער זיינען געקומען צום מיטינג אויף דעם רוף פון דער יוניאן, טראץ דעם וואס עס האט געגאסען א שלאקס רעגען. דובינסקי האט געהאלטען איינע פון זיינע בעסטע רעדעס. ער האט פשוט עלעקטריזירט די מאסע, וועלכע איז שוין געווען אנגעווארימט פון די גלענצענדע רעדעס, וואס עס האבען געהאלטען די פריהערדיגע רעדנער. עס זיינען ניט געווען בלויז די רייד, וואס האבען באגייסטערט די מאביליזירטע ניט־נודס ארבייטער, נאר די טאטווילינקייט און די קאמפס־ענטשלאסענקייט, וואס האט אזוי טיף אויפריכטיג ארויסגעקלונגען פון דובינסקי'ס רעדע, זיין טיפער האס און צארן געגען די טשיזלערישע ניט־נודס באלעבאטים האט געוואונען די הערצער פון די ארבייטער, וועלכע האבען זיך נאך זיין רעדע געפיהלט זיכערער און אונאפהענגיגער, און מוטיגער און ענטשלאסענער צום קאמף.

ווען די ארבייטער זיינען אוועק פון דעם היסטארישען מיטינג האבען זיי געפיהלט, אז ניט נאר שטעהט זיי צו הילף 150 טויזענט דאלאר, וואס די באארד האט באשלאסען צו פארווענדען פאר דעם קאמף מיט באלעבאטים וואס אנטלויפען פון יוניאן־קאנטראל. נאך דובינסקי'ס רעדע האבען זיי געפיהלט, אז זיי מוזען זייער קאמף געווינען, ווייל הינטער זיי שטעהט דער מאראלער כח און דער פינאנציעלער רייכטום פון דער גאנצער אינטערנעשאנאל. די ניט־נודס ארבייטער ווייסען עס. עס איז אבער נויטיג, אז אויך די ניט־נודס באלעבאטים זאלען דאס וויסען. ווארים דעמאלט וועלען זיי זיך און אויך אונז פארשפארען א היבש ביסעל טראבעל.

אויב זיי וועלען אבער בלייבען טויב צו אונזער ווארנונג — זיינען די ניט־נודס מאכער גרייט צום קאמף.

דער פארזיצער פון מיטינג איז געווען לואיס נעלסאן, דער מענעדזשער פון ניט־נודס דזשאינט קאונסיל.

---

## דאנק רעזאלוציע.

ביי א מיטינג פון די פרעסערס פון דער טיל דזשעין קאסטום, 1375 בראדוויי, איז איינשטימיג באשלאסען געווארען צו באדאנקען דעם טשערמאן, ברודער סעם אליווער, פאר זיין גוטער ארבייט פאר אלע פרעסערס פון שאפ. מיר פרעזענטירען אים דערפאר מיט א ווערטפולער מתנה.

פיליפ עהרליך,
מאיר לאוו,
דזשאו ספיטאלניק.

# פרעז. ד. דובינסקי׳ס באזוך אין סיאטעל און פארטלאנד

פון איזראעל פיינבערג
וויס פרעזידענט פוו דער א. ל. ג. וו. י.

דעם 4טען יוני האבען מיר פארלאזט סאקראמענטא מיט דעם אייראפלאן און אנקומענדיג אין פארטלאנד זיינען מיר אפגעווארט געווארען פון א גרויסער צאל לאקאל יוניאן מיטגלידער. מיר האבען זיך באגעגענט מיט די מיטגלידער פון דעם לאקאל עקזעקוטיוו באארד אויף א דינער, וואס איז געגעבען געווארען לכבוד דעם פרעזידענט. אונזער חברה האט פרעהליך אויסגעקוקט. אפנים אז דאס איז א רעזולטאט פון דעם גוטען סעזאן וואס זיי האבען געהאט.

דעם זעלבען אווענט איז פארגעקומען א מיטגלידער־מיטינג אין לייבאר טעמפעל, אויף וועלכען איך האב געזאגט עטליכע ווערטער. און דאן האט פרעזידענט דובינסקי געהאלטען אן אינטערעסאנטע רעדע וועגען די אינדוסטריעלע סיטואציע אין לאנד און ער האט פארבייגעהענדיג דערמאנט דעם פאליטישען צושטאנד. ווען ער האט דערמאנט די נויטווענדיגקייט ווידער צו ערוועהלען פרענקלין ד. רוזוועלט׳ן, האט אויסגעבראכען א שטורמישע אוואציע.

נאך דעם דינער האבען מיר געהאט אן אינפארמעלען שמועס מיט אונזער מיטגלידערשאפט, וועלכע האבען אין אלגעמיין אויסגעדריקט זייער צופרידענהייט מיט די עקזיסטירענדע אומשטענדען אין טרייד. מיר האבען אויך געהאט אן עהנליכע קאנפערענץ מיט די באלעבאטים און עס האט זיך ארויסגעוויזען אז די פארבינדונג מיט דער יוניאן איז באזירט אויף אן ארבייטס־פעהיגען באדען.

דעם קומענדען מארגען האבען מיר גענומען אן עראפלאן קיין סיאטעל, וואשינגטאן. דארט זיינען מיר ערווארט געווארען פון אונזערע מיטגלידער און א גרופע ציימונגסלייט. דעם זעלבען נאכמיטאג האט דער פרעזידענט און מיין וועניגקייט אדרעסירט א מיטגלידער־מיטינג, וואס איז אפגעהאלטען געווארען אין לאקאל פון דער קלאוק און דרעס מאכער יוניאן.

אין סיאטעל האבען מיר געהאט א טשיקאווע ערפארונג. גלייך נאך אונזער אנקומען האט ברודער דובינסקי באקומען א טעלעפאן־רוף פון עטליכע דרעס־מאנופעקטשורערס, וועלכע האבען אויסגעדריקט דעם פארלאנג זיך צו זעהן מיט דעם פרעזידענט פון דער אינטערנעשאנאל. דובינסקי האט זיי געגעבען די געלעגענהייט, און צוויי פון זיי — איינער דער פרעזידענט פון דער אסאסיאיישאן, מר. ניקאלס, און א צווייטער, א געוויסער מר. ניקאלסאן — האבען זיך געטראפען מיט דובינסקי׳ן. אויף אט דער קאנפערענץ האט מען א סך גערעדט וועגען דעם גענעראל־סטרייק אין דער דרעס־אינדוסטריע מיט א יאר צוריק. דובינסקי האט זיי געגעבען צו פארשטעהן, אז די אינטערנעשאנאל ערווארטעט, דאס די באלעבאטים זאלען אנערקענען דאס רעכט פון די ארבייטער אויף קאלעקטיווע פארהאנדלונגען מיט ארגאניזאציעס און פארטרעטער, וואס זיי אליין קלייבען אויס. אויב דער דאזיגער פרינציפ וועט די ארבייטער פארלייקענט ווערען, וועט די אינטערנעשאנאל העלפען די ארבייטער מיט אלע כחות און צווינגען די באלעבאטים צו אנערקענען קאלעקטיווע פארהאנדלונגען מיט זייערע ארבייטער. איך בין איבערציינט, אז ברודער דובינסקי׳ס אנטשלאסענע רייד האט אויף זיי געמאכט דעם געוואונשטען אויסדרוק. אויב די באלעבאטים וועלען בלייבען ביי זייער שטאנדפונקט, וועלען די דרעסמאכער אין סיאטעל ווידער ארויס אין סטרייק. דובינסקי האט באשלאסען צו שיקען קיין סיאטעל נאך אן ארגאנייזער, און ער האט פון מיר פארלאנגט, אז אזוי שנעל ווי איך וועל ערלעדיגען מיין מיסיע אין לאס אנדזשעלעס, זאל איך ווידמען מיין גאנצע אויפמערקזאמקייט דער סיטואציע אין סיאטעל.

ברודער דובינסקי איז געווען זעהר צופרידען, וואס ער האט ווידער געהאט די געלעגענהייט זיך צו טרעפען מיט די מיטגלידער פון דער יוניאן אין סיאטעל און ער האט באדויערט, וואס ער האט בלויז אזוי וועניג צייט צו זיין מיט זיי. שבת פריה איז דער פרעזידענט אפגעפארען מיט דער שיף קיין לעיק לואיס און פון דארט קיין וויניפעג. זייענדיג אין סיאטעל האבען מיר געהאט א מיטינג מיט די דרעסמאכער פון לאקאל 184 און זיי האבען פארשפראכען צו פארדאפלען זייער טעטיגקייט כדי צו ארגאניזירען די אונארגאניזירטע אין טרייד.

פאר פרייטאג אווענט האט דער לאקאל איינגעארדענט א דינער לכבוד דעם פרעזידענט און מיר האבען זיך אלע משמח געווען.

פון דאנען פאר איך דירעקט קיין לאס אנדזשעלעס אנצופאנגען קאנפערענצען מיט די דרעס באלעבאטים. איך האף, אז איך וועל דארט נים דארפען קיין סך צייט פארלירען, ווייל איך נעם אן אז די דארטיגע באלעבאטים וועלען איינזעהן אז אונזערע פאדערונגען זיינען גערעכטע און באשיידענע און אז עס איז נים פאראן קיין גרונד פאר סכסוכים.

אזוי שנעל ווי איך וועל פארטיג ווערען מיט מיין אויפגאבע אין לאס אנדזשעלעס, וועל איך ווידער באריזען די מארקעטס ביים קאוסט און וועל זיך באזונדערס לאנג אפשטעלען אין סיאטעל.

---

## דאנק רעזאלוציע פון א שאפ.

מיר, די ארבייטער פון דער אדמירישאן קלאוק קא., 48 וועסט 25טע סטריט, פארזאמעלט ביי א שאפ מיטינג אין אפיס פון דזשאינט באארד קלאוקמאכערס יוניאן, דריקען אויס אונזער העכסטע צופרידענהייט צו אונזער ביזנעס אגענט, ברודער ה. פריעד, פאר זיין איבערגעבענהייט צו אונזערע ארבייטער אינטערעסען.

מיר באשליסען גלייכצייטיג צו פרעזענטירען אים מיט א ווערטפולען פרעזענט. לאמיר האפען אז פונקט אזוי ווי פריהער, וועט ברודער ה. פריעד אויך אויף ווייטער אנגעהן מיט זיין גוטער ארבייט פאר אונזער שאפ און פונקט אזוי פאר די אלע אנדערע שעפער אונטער זיין קאנטראל.

| | |
|---|---|
| ל. בערלינסקי, לאק. 117 | מ. דזשאזעפסאן, לאק. 10 |
| איז. בלאס, לאק. 117 | ל. לעווין, לאק. 35 |
| א. גרין, לאק 117 | מערי נאפאלי, לאק. 48. |
| מערי גענץ, לאק. 3 | |

די קאמיטע.

---

## דאנק רעזאלוציע.

מיר, די אפערייטארס פון בוכמאן, 286 וועסט 37טע סט., פארזאמעלט ביי א מיטינג אין אפיס פון דער יוניאן, האבען איינשטימיג באשלאסען אויסצודריקען אן עפענטליכען דאנק צום מענעדזשער און אסיסטענט מענעדזשער פון לאקאל 117, די ברידער לואיס ליוויי און ב. גאלוב, פאר זייער טיכטיגע און אונערמידליכע ארבייט צו ברייגען דערצו אז אונזער פירמע זאל צוריק עפענען א שאפ, נאך א לאקאוט וואס האט געדויערט 8 וואכען צייט.

ברודער גאלוב האט אין דעם פאל געשפילט א באדייטענדע ראלע. ער האט אונז געגעבען אלע מעגליכע הילפע ביז ס׳איז אים געלונגען אונז צוריק ארויפצוזעצען צו דער ארבייט אין דערמאנטען שאפ און מאכען א לעבען.

מיר פארזיכערען אייך, אז מיר אנערקענען אייערע ערנסטע און איבערגעבענע ארבייט פאר אונז קלאוק אפערייטארס. איר זייט א קרעדיט פאר אונזער ארגאניזאציע און מיר האפען אז איר וועט ווייטער פארזעצען די גוטע ארבייט פאר דעם קלאוק אפערייטארס אינטערעסען.

| | |
|---|---|
| לעאן ראזענבערג, | ה. קליניק, |
| ל. קליין, | מ. בעער, |

שאפ קאמיטע.

משורערס און אַנטלויפען פון דער יוניאָן נאָך סאַן אַזע, 50 מיל פון דאַנען. אָבער אונזער אינטערנעשאַנאַל אָרגאַניזער, דזשעני מייטיס, איז אויפ׳ן דזשאָב צו יוניאַניזירען דעם שאַפּ, און זי קריגט די פולע הילף פון דאָרטיגען לייבאָר־קאַונסיל.



ברודער פיערסטאָן, סעקרעטאַר פון דזשאָינט באָארד און פון לאָקאַל 8 פאַר דעם לעצטען יאָר, האָט זיך פאַרוואָלט פאָרען נאָך ניו יאָרק. אונזער יוניאָן, פילענדיג דעם פאַרלוסט פון זיין אוועקפאָרען און אנערקענענדיג זיין גוטע אַרבייט, האָט געוואָלט אַראַנזשירען אַ געהעריגען אַפּשיידס־אָווענט, אָבער צוליב זיין באַשיידענקייט האָט ער דערצו נישט דערלאָזען, און אַזוי האָט אונזער יוניאָן זיך באַנוצט מיט זיין געזעגענען זיך מיט די מעמבערס צום מיטינג פון 6טען מאַי און לאָקאַל 8 צוזאַמען מיט דער דזשאָינט באָארד האָבען אים פּרעזענטירט מיט אַ טייפּרייטער. ביים זעלבען מיטינג האָט אויך אַ גרופּע מיטגלידער פּרעזענטירט מיט אַ קאַמעראַד דעם סעקרעטער פון לאָקאַל 8, ברודער גרינבערג, וועלכער איז געפאָרען אויף וואַקאַציע נאָך ניו יאָרק. מיר וואַרטען שוין מיט אומגעדולד אויף זיין צוריקקומען.

אַז מיר רעדען פון פּרעזענטען, וועלען מיר אויך דערמאָנען דעם פאַקט, אַז די אַרבייטער פון אונזערע שעפּער האָבען לעצטענס זיך געשטעלט אין ליין פון גוטע סטאַבילע יוניאָן־שעפּער אין פּרעזענטירען די שאַפּ־טשערלייטע פאַר זייער גוטער יוניאָן־אַרבייט. אַזוי האָבען די אַרבייטער פון מאָריס גאָלדמאַן׳ס שאַפּ פּרעזענטירט זייער שאַפּ־טשערמאַן, ברודער סילווער, וועלכער איז גלייכצייטיג וויס־פּרעזידענט פון לאָקאַל 8, מיט אַ ריסט־וואַטש, און די אַרבייטער פון דער ניו יאָרק קלאָוס קאָמפּ. האָבען זיך גענומען אַ ביישפּיל און געטאָן די זעלבע זאַך צו זייער שאַפּ־טשערמאַן, ברודער סטיין, אַ מיטגליד פון דער עקזעקוטיווע פון לאָקאַל 8.

מיר באַגריסען די ערשיינונג. דאָס באַווייזט, אַז אונזערע מיטגלידער ווייסען אָפּצושאַצען גוטע אַרבייט.



אין דער בלאַוז אינדוסטריע האָבען מיר פאַרלויפיג באַוויזען צו אָרגאַניזירען בלויז 2 שעפּער און עטאַבלירט קלאָוזד יוניאָן שעפּער. לעצטענס האָבען מיר באַנייט דעם אַגרימענט אין ביידע שעפּער.

אין איינעם פון די אָרגאַניזירטע אונטערוועש־שעפּער מאַכען מיר פאַרברייטונגען צו באַנייען דעם אויסגעהענדען אַגרימענט, און מיר האָפען צו קאָנען מאַכען געוויסע אויסבעסערונגען.

אויפ׳ן געביט פון אָרגאַניזיישאָן־אַרבייט איז דער פּראָבלעם פון טשיינאַ־טאַון ביי אונז דער אָנגעוויטאָגנטסטער. עס האָט זיך נאָך ביז יעצט אונז נישט איינגעגעבען צו געווינען דעם נויטיגען צוטריט צו די כינעזישע אַרבייטער, אָבער מיר גיבען ניט אויף די האָפנונג אויך דעם פעלד צו גרייכען און בייקומען יענע שוועריגקייטען.

דער פּראָבלעם פון אָרגאַניזירען די נאָך נישט אָרגאַניזירטע ניט־גודס אינדוסטריע איז אויך אַ שווערע, אָבער אויך אויף דעם געביט זוכען מיר אַ פּאַסיגע געלעגענהייט.



די וויכטיגסטע פּאַסירונג אין דעם לעבען פון אונזער יוניאָן לעצטענס איז געווען דער מיטינג פון אונזער דזשענעראַל עקזעקוטיוו ביי אונז אין שטאָט.

באַלד ווי עס איז באַוואוסט געוואָרען, אַז מיר וועלען דאָ האָבען דעם דזשענעראַל עקזעקוטיוו באָארד מיטינג, האָבען אונזערע אַקטיווע מיטגלידער מיט אומגעדולד און נייגעריגקייט גענומען ציילען די וואָכען און טעג, ווען אונזערע געסט וועלען שוין קומען. דעם 29טען מאַי, ווען די ספּעשעל קאָנווענשאַן טריין איז אָנגעקומען, ווי די פּאָרטערס האָבען די טריין באַצייכענט, איז אויפ׳ן וואָקזאַל געווען אַ גרויסע רעסעפּשאַן־קאָמיטע פון אונזערע מיטגלידער מיט אויטאָמאָבילס, וועלכע האָבען אונזערע געסט אָפּגעפירט אין האָטעל. דעם זעלבען אָווענט איז אין די יוניאָן־העדקוואָרטערס געווען איבערפילט מיט מיטגלידער צו אַ קבלת־פּנים פאַר אונזערע געסט. טראָץ דעם וואָס איז געווען אין אַ ניט פּאַסענדען אָווענט, ווייל אויף צו־מאָרגענס איז געווען דעקאָריישאָן־דעי, און אַ צאָל פון אונזערע מיטגלידער זיינען געווען אויס פון שטאָט פאַר דער וויק־ענד. דער מיטינג איז אַדרעסירט געוואָרען פון די וויס־פּרעזידענטען נאַגלער, האָכמאַן, אַנטאָניני, פּעסאָטאַ, וואַנדעליור, פּרעזידענט פון לייבאָר קאַונסיל און סעק. פון סטייט פעדעריישאָן, און פּרעזידענט דובינסקי. טשערמאַן פון אָווענט איז געווען וויס־פּרעזידענט פיינבערג.

אויף מאָרגען פרי איז געהאַלטען געוואָרען אַ געמיינזאַמער מיטינג פון די לאָקאַל עקזעקוטיווס מיט דער אַנוועזענהייט פון אַ צאָל וויס־פּרעזידענטען. צו דעם מיטינג האָט אונזער מענעדזשער צוגעגרייט אַ שעהנעם, זאַכליכען רעפּאָרט פון דער אַרבייט פון אונזער יוניאָן פאַר די לעצטע עטליכע יאָר מיט אַ ביסעל היסטאָרי פון דער פאַרגאַנגענהייט. דער ריפּאָרט איז צוטיילט געוואָרען צו די וויס־פּרעזידענטען און צו די אַקטיווע מיטגלידער, און פּרעזידענט דובינסקי האָט זיך דורכגערעדט וועגען די בעפאַרשטעהענדע יוניאָן־פּראָבלעמען.

אין אָווענד איז געהאַלטען געוואָרען דער אַפּשיידס־באַנקעט פון איבער צוויי הונדערט אַנוועזענדע, וואו אונזער כאָר האָט אַמוזירט דעם עולם. ביי דעם באַנקעט האָט אונזער מענעדזשער פּרעזענטירט די דזשענעראַל עקזעקוטיוו באָארד און פּרעזידענט דובינסקי מיט אַ בראָנזענעם טאַפעל אַלס אויסדרוק פון דאַנקבאַרקייט פאַר דעם כבוד וואָס דער מיטינג איז געהאַלטען געוואָרען ביי אונז. ברודער דיינער, אונזער ביזנעס אַגענט, האָט אויך פּרעזענטירט וויס־פּרעזידענט פיינבערג מיט אַ קאַמערא. ביידע פּרעזענטען זיינען געווען אין נאָמען פון דזשאָינט באָארד. שוועסטער מייטיס איז געווען טאָוסטמאַסטער פון אָווענד און צו איר גרויסער איבעראַשונג איז זי פּרעזענטירט געוואָרען מיט אַ פּראַכטפולער סיגאַרעט־קייס דורך שוועסטער מערי קאַנזאַלעס, פּרעזידענט פון אונזער דרעסמאַכער לאָקאַל.

ביים באַנקעט האָבען גערעדט ברודער אַקאַנעל, סעקרעטאַר פון לייבאָר קאַונסיל; די וויס פּרעזידענטען אַנטאָניני, קרעמער, העלער, נינפאָ און פּרעזידענט דובינסקי.

שפּעט אין דער נאַכט איז דער עולם זיך צוגאַנגען אין אַ געהויבענער שטימונג, מיט דעם וואונש, אַז אין דער נאָהענטער צוקונפט זאָל אַ קאָנווענשאַן פון דער אינטערנעשאַנאַל דאָ געהאַלטען ווערען.

## רעזאָלוציע פון די אַרבייטער פון געלסאָנס קאָנטראַקטינג שעפּער.

דער 21טען מאַי וועט בלייבען אין זכרון פון די אַרבעטער אין די קאָנטראַקטינג שעפּער פון דזשוליוס געלסאָן. עס איז געגעבען געוואָרען אַ סאַפּער צו ברודער מאַקס קאַראַלינסקי, ביזנעס איידזשענט פון ברוקלינער אָפּיס. עס זיינען אויך איינגעלאַדן געוואָרן די ביזנעס איידזשענטס פון ניו יאָרקער שעפּער וועלכע אַטענדען צו געלסאָן קאָנטראַקטאָרס, אויך דער סטעף פון ברוקלין אָפּיס און אַ קאָמיטע פון לאָקאַל 35.

ברודער זעלדין איז געווען טאָאַסט מייסטער און די באַגריסער זיינען געווען די טשערלייט פון די שעפּער, ברודער לערין, רעקאָרדינג סעקרעטער און ברודער גאָלדאָווסקי, עקטינג מענעדזשער פון לאַקאַל 35. אַלע רעדנער האָבען געלויבט ברודער קאַראַלינסקי׳ס אַרבייט און געוואונשען אים ערפאָלג אויף ווייטער.

דער יובילאַר אַליין איז וואַרים אויפגענומען געוואָרען. ער האָט אַלעמען באַדאַנקט און פאַרזיכערט אַז ער וועט נאָך מיט מער מוט פאָרזעצען זיין אַרבייט. די אַרבייטער האָבען אים פּרעזענטירט מיט אַ גוטער קאַמערא.

די רעדנער האָבען אויך אויסגעדריקט אַ דאַנק צו די ביזנעס איידזשענטס פון ניו יאָרק, וואָס אַטענדען צו געלסאָן שעפּער, דאָס זיינען די ברידער באַנגאַ, הערי פיין און דאַנאַ.

ווילי פּאַרמאַן,
י. בודקאָוויטש,
פּ. סאַמאַרימאַנאַ,
דזש. וואַלאָוויטש
דזש. קלעראַנאָף,

די קאָמיטע.

ברודער לאנגער ער זאל אנפאנגען א קאמפיין צו גרינדען א יוניאן פאר דער גאנצער דרעסמאכער אינדוסטריע. עס זעט אויס, אז ברודער לאנגער וועט איינניכען זיך נעמען צו דער ארבייט צו ארגאניזירען אזא יוניאן. דער צוטרוי פון די מאנטרעאלער דרעסמאכער צו דער אינטערנעשאנעל איז געוואונען געווארען, ווייל די דרעסמאכער זיינען איבערצייגט, אז בלויז די אינטערנעשאנעל קאן פארבעסערען זייער לאגע.



צוריק צו וויניפעג.

איידער איך שליס מיין ארטיקעל נעמען איך פאר ווינשענסווערט (און מיט שטאלץ) צו פארצייכענען דעם פאקט, אז זינט אין וויניפעג איז געגרינדעט געווארען די א. ל. ג. וו. יוניאן, האט דער היגער טריידס און לייבאר קאונסיל ממש אויפגעלעבט. ער האט שוין ארויסגעגעבען 9 טשארטערס פאר 9 יוניאנס פון פארשידענע פאכען.

נאך דעם גענעראל סטרייק אין וויניפעג אין דעם יאר 1919, וואס האט געהאט פאראליזירט די גאנצע אינדוסטריע אין שטאט, און איז דאך פארלוירען געגאנגען, און די פארשידענע יוניאנס זיינען זינט יענער צייט זעהר אפגעשוואכט געווארען — קומען זיי איצט אלע צוריק צום לעבען, און דאס איז אין א גרויסער מאס (אויב ניט אינגאנצען) צו פארדאנקען דעם זיג פון דער אינטערנעשאנעל לידיס גארמענט ווארקערס יוניאן אין וויניפעג.

אונזער לאקאל 216 מאכט דא איצט פארבארייטונגען פאר א גרויסען באנקעט וואס וועט פארקומען אין יוני מאנאט, צו פייערען דעם זיג פון דער יוניאן, דעם איינפיר פון 42 שטונדען ארבייט א וואך, די העכערונג אין שכירות און דעם ערשטען יערליכע יובילייע פון אונזער יוניאן.

## פרעזידענט דובינסקי׳ס באזוך

די יובילעאומס שטימונג איז ביי אונז געווען גאר געהויבען. עס איז אויסגעפאלען אין דער צייט, ווען פרעזידענט דובינסקי איז געווען א גאסט פון דער יוניאן אין וויניפעג.

די וויניפערגער קלאוקמאכער האבען צום ערשטען מאל געהאט א געלעגענהייט צו באקענען זיך פערזענליך מיט פרעזידענט דוד דובינסקי, ווען ער האט מיט עטליכע טעג צוריק באזוכט די שטאט. די גאנצע מיטגלידערשאפט האט מיט גרויס נייגעריגקייט אפגעווארט דעם פרעזידענט׳ס אנקום ביי דער אייזענבאן־סטאנציע. די באאמטע פון דער יוניאן, דער מענעדזשער פון דעם לאקאל, ס. הערבסט; ה. לאנגער, וועלכער האט זיך געפונען דא אין שטאט; די עקזעקוטיוו באארד און די שאפ טשערליים זיינען געווען פון די ערשטע אויף דער פלאטפארמע אים צו באגריסען. מיט רעי לעווין האט אין נאמען פון דער עקזעקוטיוו באארד און פון די וויניפעגער קלאוקמאכער פרעזענטירט ברודער דובינסקי מיט א פראכטפולען בוקעט בלומען.

ווען פרעזידענט דובינסקי האט זיך באוויזען, ארויסגייענדיג פון דער אייזענבאן־סטאנציע, האט ער געקראגען א שטורמדיגע אוואציע פון אלע קלאוקמאכער, וועלכע זיינען געווען אויסגעשטעלט אין רייען. די לאנג־דויערנדיגע אוואציע און אפלאדיסמענטען האט מיט זיך פארגעשטעלט א הערליך בילד פון סאלידאריטעט און אנערקענונג צו פרעזידענט דובינסקי פאר זיין אויפמערקזאמקייט צו די וויניפעגער קלאוקמאכער צו שיקען אהער אן ארגאניזאטאר, און גרינדען דא א יוניאן לאקאל, וואס האט אין אזא גרויסער מאס פארבעסערט די לאגע פון אלע קלאוקמאכער.

קיינמאל פריער אין דער געשיכטע פון דער וויניפעגער ארבייטערשאפט בכלל, און פון די היגע קלאוקמאכער בפרט, האט זיך דא ניט געפילט אזא יום־טוב׳דיגקייט, ווי אין די צוויי טעג וואס פרעזידענט דובינסקי האט זיך דא געפונען מיט אונז.

נאך דער אפיציעלער אויפנאמע, איז פרעזידענט דובינסקי אפגעפירט געווארען אין אן אויטאמאביל אין האטעל. פאראויס זיינען געפארען צוויי מאטאר־סייקעל־פאליציסטען, וועלכע זיינען געשיקט געווארען פון דעם מעיאר פון שטאט, צו באגלייטען אים צום האטעל.

מיטוואך אווענט, דעם 10טען יוני, האט די קלאוקמאכער יוניאן אפגעהאלטען דא א מאסען־פארזאמלונג. אלע קלאוקמאכער און פריינט פון דער יוניאן, צוזאמען ארום 1,200 מענשען, האבען אנגעפילט דעם זאל, און הונדערטער מענשען האבען געמוזט צוריקגיין, אויס מאנגעל אין פלאץ.

פרעז. דובינסקי האט צו דער געלעגענהייט געהאלטען א גלענצענדע רעדע. ער האט געשילדערט די איצטיגע פאליטישע לאגע, און ער האט אויפגעפאדערט די ארבייטער צו זיין געאייניגט און קעמפען פאר זייערע עקאנאמישע און פאליטישע אינטערעסען. א שטונדע מיט דרייסיג מינוט האט ער גערעדט, און דער עולם האט אים אויסגעהערט מיט דער גרעסטער אויפמערקזאמקייט.

„דורך ארגאניזירטען כח, האט פרעזידענט דובינסקי געזאגט, קאנען די ארבייטער געווינען, ניט בלויז עקאנאמישע פארבעסערונג אין זייער לעבען, נאר אויך פאליטישען איינפלוס. פאליטיקער, רעגירונגען, גייסטליכע, באלעבאטים, — אלע רעכענען זיך מיט דעם ארגאניזירטען כח פון דער ארבייטערשאפט. דערפאר איז עס די מאראלישע פליכט פון ארבייטער צו זיין יוניאניזירט, אפילו ווען די עקאנאמישע געווינסען פון א יוניאן איז די ערשטע צייט אומבאדייטענד. שריט ביי שריט, אבער, געווינען די ארגאניזירטע ארבייטער אלץ בעסערע באדינגונגען".

„קלאוקמאכער פון וויניפעג! — האט פרעזידענט דובינסקי געזאגט, — איך זאלט וויסען, אז איר זייט א טייל פון א משפחה פון 225,000 ארבייטער, ארגאניזירט אונטער דער פאן פון דער אינטערנעשאנאל. דער הויפט אפיס שטייט טאג־טעגליך אין קאנטאקט מיט אייך. אייער פרייד איז אונזער אלעמענס פרייד, און אייערע ווייטאגען זיינען אויך טיילווייז אונזערע ווייטאגען".

ווען פרעזידענט דובינסקי האט פארענדיגט זיין רעדע האט ער באקומען שטורמישע אפלאדיסמענטען.

א. גראנאווסקי, דער פארזיצער פונ׳ם לאקאל, האט ערעפענט די פארזאמלונג, און ער האט נאכדעם איבערגעגעבען די פארזיצערשאפט צו דזשעק דיזענהאוז, וועלכער איז געווען דער פארזיצער פונם אווענט.

ה. לאנגער און ס. הערבסט האבען אפגעגעבען א באריכט פון די רעזולטאטען פון דער קאנפערענץ מיט די באלעבאטים. זיי האבען געמאלדען, אז זיי האבען געקראגען א העכערונג אין שכירות פון צוויי דאלער א וואך פאר קלאוקמאכער, וועלכע האבען געארבייט פון צוועלף דאלאר א וואך און ווינציגער, און א העכערונג פון $1.50 א וואך פאר קלאוקמאכער וועלכע האבען געארבייט פאר העכער 12 דאלאר א וואך ביז 35 דאלאר. אויך זיינען פארקירצט געווארען די ארבייט־שטונדען אויף צוויי שטונדען א וואך. פון איצט אן וועלען די קלאוקמאכער אין וויניפעג ארבייטען 42 שטונדען א וואך.

ווען די אינטערנעשאנאל לידיס גארמענט ווארקערס יוניאן איז דא געגרינדעט געווארען אין אקטאבער מאנאט, 1935, איז געמאכט געווארען אן אגרימענט מיט די באלעבאטים ביז יוני מאנאט, 1937. היינטיגס יאר, יוני מאנאט, 1936, האט לויט דעם אגרימענט געדארפט געמאכט ווערען א העכערונג אין שכירות און א פארקירצונג אין די ארבייטס־שטונדען. דער אגרימענט איז פינקטליך דערפילט געווארען פון די באלעבאטים.

צווישען די אנדערע רעדנער ביי דעם מאסמיטינג זיינען געווען בערטא דאלגאי, ביל פארקער און מר. נעלסאן, וועלכער האט באגריסט פרעזידענט דובינסקי אין נאמען פון טריידס און לייבאר קאונסיל.

דאנערשטאג, דעם 11טען יוני, האט די עקזעקוטיוו באארד מיט די שאפ טשערליים פון אונזער לאקאל ארראנזשירט א לאנטשען לכבוד אונזער חשוב׳ן גאסט, פרעזידענט דובינסקי. א צאל געסט זיינען איינגעלאדען געווארען, צווישען זיי דער מעיאר פון וויניפעג, דזשאן קווין, און א. א. מעקנאמאר, דעפיוטי מיניסטער אוו לייבאר, פון דער פראווינץ מאניטאבא, און אויך פריזעדנט און דער סעקרעטאר פון דעם היגען טריידס און לייבאר קאונסיל.

דער אנוועזענדיגער עולם האט ווארים באגריסט דעם פרעזידענט פון דער א. ל. ג. וו. יוניאן, און ער האט גע־

# די אינטערנעשאַנעל אין וויניפּעג

פון ס. הערבסט.

(מענעדזשער לאָקאַל 216)

די אינטערנעשאַנעל לידיס גאַרמענט וואירקערס יוניאַן, לאָקאַל 216, אין וויניפּעג, קאַנאַדע, שטייט פעלזען שטאַרק געאייגט. דער דאָזיגער לאָקאַל האָט מיט גאָלדענע אותיות זיך איינגעקריצט אין׳ם אַלגעמיינעם טאַוועל אונטער דעם „אינטערנעשאַנעל" באַנער, און מיט זיין לאָיאַליטעט טראָגט אונזער לאָקאַל צו זיין געהעריקען חלק צום אַלגעמיינעם פּרעסטיזש פון דער א. ל. ג. וו. י. — א פּרעסטיזש וואס ווערט פולע הונדערט פּראָצענט געהעריק אָפּגעשאַצט פון יעדען מיטגליד.

די צופרידענהייט פון יעדען קלאָוקמאַכער, מאַן און פרוי, אין אונזער לאָקאַל, מיט דער אינטערנעשאַנעל יוניאַן, וואַקסט און שטייגט פון טאָג צו טאָג. די קלאָוקמאַכער אין וויניפּעג האָבען א דאַנק, דער אינטערנעשאַנעל, דערפילט א שפּרונג פאָראויס עקאָנאָמיש, פּאָליטיש, גייסטיק און פיזיש. די אינטערנעשאַנעל האָט אויסגעגלייכט די פּלייצעס פון די קלאָוקמאַכער; זייערע קעפּ אויפגעהויבען; זי האָט זיי געגעבען אן אינטערעס און זין אין לעבען, און האָט אריינגעהויכט אין זיי פרישען אָטעם און נייעם מוט און האָפענונג פאר א בעסער לעבען אין דער גאָר נאָהענטער צוקונפט.

דער פרילינג סעזאָן, וואס האָט זיך לעצטענס פאַרענדיקט, איז געווען א גוטער. עס האָט זיך פּאַקטיש געפילט א מאַנגל אין ארבייטער אין טרייד, און צום ערשטען מאָל אין דער געשיכטע פון דער קלאָוק אינדוסטריע אין וויניפּעג, האָבען די קלאָוק מאַכער גענאָסען דעם בענעפיט פון ארגאַניזירטען כח פון דער אינטערנעשאַנעל יוניאַן, און זיי האָבען געקראָגען 1¼ לוין פאר איבערשטונדען (אָווערטיים).

אָנפאַנג יוני מאָנאַט, 1936, ווען די יוניאַן אָפּהאַלטען א קאָנפערענץ מיט די באַלעבאַטים וועגען א העכערונג אין שכירות, א „פלעט רעיט" פון דריי דאָלער א וואָך פאר יעדען ארבייטער. פאר דעם דאָזיגען צוועק דערוואַרטען מיר דאָ .ברודער לאַנגער, גענעראַל ארגאַניזער פון דער אינטערנעשאַנעל אין קענעדע, וועלכער וועט קומען אין וויניפּעג צו באַטייליקען זיך אין דער געפּלאַנטער קאָנפערענץ און אויסאַרבעטען גענויע פּרטים.

לויט דעם אגרימענט מיט די באַלעבאַטים וואס איז אונטערגעשריבען געוואָרען אין אָקטאָבער, 1935, וועלען די קלאָוקמאַכער אין וויניפּעג פון דעם 15־טען יוני, 1936, אָנפאַנגען צו ארבייטען קירצערע שטונדען — 42 שטונדען א וואָך, אנשטאָט 44, וואס ווערען איצט געאַרבייט.

נאָך גוטע נייעס:

די אינטערנעשאַנעל גרינדעט אין וויניפּעג א יוניאַן פון די דרעס מאַכער. זייער צאָל איז דאָ דערווייל דריי הונדערט, אָבער די אינדוסטריע פאַרגרעסערט זיך. זעכציג דרעסמאַכער האָבען שוין אריינגעגעבען זייערע אַפּליקאַציעס און זיינען גרייט אָנצושליסען זיך אין דער יוניאַן. איך האָב שוין אוועקגעשיקט נאָך א טשאַרטער. מער איינצעלהייטען אין דעם צווייטען ארטיקעל, וואס איך וועל שרייבען קומענדיגען מאָנאַט.

אין פאַרלויף פון לעצטען ווינטער האָט אונזער יוניאַן דורכגעפירט דאָ א צאָל קולטורעלע צוזאַמענקונפטען, פארשידענע לעקציעס, ווי אויך פאַרוויילונגען. לאָמיר האָפען, אז מיט די באַנייטע אקטיוויטעטען קומענדיגען הערבסט, וועלען אונזערע לעקציעס איבער טרייד יוניאַניזם און אנדערע טעמעס — איינשליסענדיג פארשידענע קולטורעלע פאַרוויילונגען, באַזוכט ווערען אין מאַסען פון די ברידער און שוועסטער קלאָוקמאַכער.

די יוניאַן מאַכט איצט פּלענער דורכצופירען א גרויסאַרטיגען פּיקניק היינטיגען זומער אין איינעם פון די שענסטע פּלעצער אין אַרער ארום וויניפּעג. פאַרשידענע ספּאָרט שפּילעריען פאר מענער, פרויען און קינדער וועלען פאַרקומען, און פּרייזען וועלען אויסגעטיילט ווערען צו די, וועלכע וועלען זיך אויסצייכענען אמבעסטען אין די פארשידענע ספּאָרט געיִמס.

ווען נאָר די קלאָוק מאַכער האָבען צייט און א געלעגענהייט, קומען זיי אריין אין יוניאַן אָפיס. זיי לייענען אויפמערקזאם די „גערעכטיגקייט" און די היגע און אמעריקאַנער אידישע און ענגלישע פּרעסע. דאָ אין אָפיס שמועסען זיי זיך דורך געמיטליך וועגען פארשידענע טרייד יוניאַן ענינים, ווי אויך וועגען אַלגעמיינע פראַגען. ליבהאָבער פון שאָך און אַנדערע שפּילען געניסען פון די דאָזיגע „געיִמס" וועלכע זיינען דאָ אָנגעגרייט פאר זיי.

ניט געקוקט אויף דעם וואס דער לאָקאַל איז נאָך זעהר א יונגער, האָבען דאָך די מיטגלידער באַוויזען בייצושטייערען זייער חלק צום אַלגעמיינעם פופציג טויזענט דאָלער אינטערנעשאַנעל לייברערי פאָנד.

***

אין פאַרלויף פונ׳ם מאָנאַט אַפּריל האָב איך זיך געפונען אין טאָראָנטאָ אין פאַרבינדונג מיט די דרעסמאַכער דאָרטען, וועלכע האָבען אויפגעגעבען זייער אינדוסטריעלע יוניאַן, און זיי זיינען (טויזענט אין צאָל) אריין אין דער „אינטערנעשאַנעל", אין דעם ניי געגרינדעטען לאָקאַל 72.

ניט געקוקט אויף דעם, וואס די דרעסמאַכער אין טאָראָנטאָ האָבען מיך טיטולירט מיט דעם נאָמען „דער אומפּאַרטייאישער טשערמאַן פונ׳ם דרעסמאַכער קאָונסיל", בין איך פּאַקטיש געווען דער פּאָרזיצער. עס זיינען דורכגעפירט געוואָרען וואַהלען, און מיטגלידער פון אלע ריכטונגען זיינען ערוויילט געוואָרען אין דער עקזעקוטיוו באָארד. מיין מיינונג איז, אז די דרעסמאַכער יוניאַן אין טאָראָנטאָ וועט זיין א שיינער לאָקאַל צווישען די צאָלרייכע אינטערנעשאָנאַל לאָקאַלס אויפ׳ן צפון אמעריקאַנער קאָנטינענט.

גרויס אנערקענונג פאר דער דאָזיקער דערגרייכונג אין טאָראָנטאָ, קומט צו אונזער אַלעמענס באַליבטען ברודער לאַנגער. דער דאָזיקער העכסט טאַלאַנטפולער און גלענצענדער אָרגאַניזאַטאָר אויף דעם טרייד יוניאַניסטישען געביט האָט שוין געהאַט צוגעגרייט די גאַנצע אָרגאַניזירארבייט אין פאָרויס. מיט מיין קומען אין טאָראָנטאָ האָב איך איהם בלויז מיטגעהאָלפען צו פאַרענדיגען די ארבייט. די דרעסמאַכער האָבען ארויסגעוויזען פולשטענדיגען צוטרוי צו ברודער לאַנגער, און זיי האָבען מיט גרויס ליבשאַפט דעמאָנסטרירט זייער טיפע אכטונג צו ברודער לאַנגער פאר זיין זייער ווינשענסווערטען און פאַרדינסטפולען אויפטו.

ברודער לאַנגער און איך האָבען אויך באַזוכט די שטאָט מאָנטרעאַל. מיר זיינען דאָרטען געווען עטליכע טעג, און מיר האָבען געהאַט דעם כבוד און פאַרגעניגען אנוועזענד צו זיין ביי א שיינעם באַנקעט לכבוד דער פייערונג פון דער איינפירונג פון פערציג שטונדען ארבייט א וואָך ביי די קלאָוקמאַכער. א גרויסער עולם איז אנוועזענד געווען ביים באַנקעט, און די שטימונג צווישען די קלאָוקמאַכער איז געווען זעהר א געהויבענע.

זייער א פיבערהאַפטיקע טעטיגקייט געהט אויך אָן אין דער דרעסמאַכער אינדוסטריע אין מאָנטרעאָל. צען טויזענט דרעסמאַכער זיינען דאָ פאַראַן, וועלכע דאַרפען אָרגאַניזירט ווערען אין אן אינטערנעשאַנעל יוניאַן.

בקיצור:

די ברידער לאַנגער, שיין (מענעדזשער פון דער מאָנטרעאַלער קלאָוקמאַכער יוניאַן), און איך — האָבען ביי ברודער שיין אין הויז אויסגעאַרבייט א פּלאַן צוצוגרייטען א סטרייק פאר די מאָנטרעאַלער דרעס קאָטערס. נאָכדעם ווי דער סטרייק איז גערופען געוואָרען, זיינען די דרעס מאַנופעקטשורערס צום ערשטען מאָל אין דער געשיכטע פון מאָנטרעאַלער דרעס אינדוסטריע געצוואונגען געווען אונטערצושרייבען א קאָלעקטיווען אגרימענט מיט דער אינטערנעשאַנעל יוניאַן.

די דרעסמאַכער אין מאָנטרעאַל פאַרלאַנגען איצט פון

# הילף רוף פאַר דעם אידישען אַרבייטער אין פוילען

צו אלע מיטגלידער פון דער אינטערנעשאַנעל לײדיס גאַרמענט װאָרקערס יוניאַן", אמאַליגע בונדיסטען און סימפאַטיזירער.

חברים און ברידער:

אייך איז זיכער גוט באקאנט דער נאָמען „בונד". א סך פון אייך זיינען דירעקט דערצויגען געוואָרען פון בונדיסטישע אָרגאַניזאציעס. אין אייער זכרון איז נאָך געוויס איינגעקריצט די העראָאישע, מסירות נפש'דיגע, רעוואָלוציאָנערע טעטיגקייטען פון בונד, און דעם גרינטליכען איבערקער וואס דער בונד האָט געמאכט אין דעם אַרט לעבען, דענקען און פירונג פון די אידישע אַרבייטער. דער בונד האָט אויסגעגליכען זייערע רוקענס און פאַרוואַנדעלט זיי אין מוטיגע, קלאַסענבאַוואוסטע קעמפער. די גרויסע, היסטאָרישע אַרבייט פון בונד אין אָרגאַניזירען דעם אידישען פּראָלעטאריאָט, די אָפּפערוויליגקייט און דער רעוואָלוציאָנערער פאַרנעם פון די יארען־לאַנגע קאַמפען וואס זיינען אָנגעפירט געוואָרען אונטער דעם בונד'ס פאָן, האָט דעם אידישען אַרבייטער קלאַס, פון אמאַליגען רוסלאַנד, אוועקגעשטעלט אין די פאָדערשטע רייהען פון דעם אַלוועלטליכען, קלאַסענבאוואוסטען, קעמפערישען פּראָלעטאריאָט. עס האָט אַרויסגערופען איבערראַשונג און באוואונדערונג אין דער גאַנצער וועלט.

דער צאַריזם איז געפאַלען, די געאָגראַפישע לאַגע פון די לענדער האָט זיך געביטען, דער בונד זעצט איצט פאָר זיין אַרבייט אין פוילען. די אַרבייט איז אָבער איצט פונקט אזוי שווער און אין געוויסע הינזיכטען נאָך שווערער, אונטער דעם יאָך פון דער כמעט פאַשיסטישער, פוילישער רעגירונג. פון די צייטונגען וואס איר לייענט ווייסט איר געוויס, ווי אזוי די פאַרטייאישע און די געזעלשאַפטליכע אַרבייט, וואָס דער בונד פירט אָן יעדען טאָג פון יאָר פאַר די אינטערעסען פון אידישען פּראָלעטאַריאַט אין פוילען, ווערט כסדר געשטערט און אונטערדריקט נאָך מיט מער אכזריות ווי אמאָל אין רוסלאַנד אונטער דעם צאַר. מיט איין וואָרט: דער בונד, און אלע עקאָנאָמישע און קולטורעלע אָרגאַניזאציעס וועלכע ער פירט אָן, דורך וועלכע ער ווירקט אין דעם לעבען פון די אידישע אַרבייטער אין פוילען, געפינען זיך איצט אין א אויסערגעוויינליך געדריקטער לאַגע, פּאָליטיש און נאָך מער עקאָנאָמיש. א חוץ פּאָליטישע אונטערדריקונג, איז די רעגירונגס פּאָליטיק לגבי די אידישע אַרבייטער, אַרויסצושטויסען זיי פון דער אינדוסטריע און אוועקנעמען פון זיי יעדע מעגליכקייט פון עקאָנאָמישע עקזיסטענץ. די אידישע אַרבייטער אין פוילען מאכען אין דעם פּרט דורך אזעלכע דערפאַרונגען, וואָס אפילו די שרעקליכסטע פאַנטאַזיע וואָלט ניט געקאָנט אויסמאָלען.

מיר, די אידישע אַרבייטער אין אמעריקע, מוזען זיך צוהערען און אויפנעמען דעם הילפס־רוף פון אונזערע ברידער אין פוילען און זיי העלפען אין דעם איצטיגען מאָמענט ווען זיי נויטיגען זיך אין אונזער הילף אממערסטען, העלפען דער אָרגאַניזאציע וואס פירט אָן זייער קאַמף פאַר זייערע אינטערעסען און באַפרייאונג.

חברים און ברידער:

א דאַנק געוויסע אומשטענדען זיינען מיר אצינד אָפּגעריסען פון די אַקטיוויטעטען פון בונד, אָבער מיט אונזער גאַנצען וועזען זיינען מיר פאַר די הייליגע אַרבייט וואס דער בונד אין פוילען פירט איצט אָן. קיינע שוועריגקייטען, איבערהויפּט פינאַנציעלע, טאָרען ניט אָפּהאַלטען זיין באַפרייאונגס קאַמף.

אין ניו יאָרק האָט זיך איצט געגרינדעט אן אָרגאַניזאציע פון מיטגלידער פון דער אינטערנעשאַנעל אונטער'ן נאָמען „פריינט פון בונד אין פוילען", וועלכע האָט זיך געשטעלט פאַר איר אויפגאַבע צו שטיצען דעם בונד מאָראַליש און פינאַנציעל. שטיצע פאַר'ן בונד, מוזען מיר געדענקען, מיינט אריינגעבען קוראַזש די אידישע אַרבייטער פאָרטצוזעצען זייער באַפרייאונג קאַמף. עס מיינט אויך הילף אין זייער קאַמף געגען פוילישען פאַשיזם און פּאָגראָמען! עס מיינט נאָך מער: העלפען אויפהאַלטען די עקזיסטענץ פון דער גרויסער, היסטאָרישער אָרגאַניזאציע וועלכע איז אונז אַלעמען אזוי ליב און טייער.

מיר פאָדערען אויף אלע מיטגלידער פון דער אינטערנעשאַנעל וואָס פילען פונקט ווי מיר, זיך אָנצושליסען אין אונזער אָרגאַניזאציע און, צוזאמען מיט אונז, העלפען דעם בונד פאָרטצוזעצען זיין הייליגע אַרבייט פאַר'ן סאָציאַליזם.

מיט חבר'שען און ברידערליכען גרוס,

ר. צוקערמאַן, טשערמאַן,
מ. י. אשפיז, פינ. סעק.
א. גלאַטשטיין, רעק. סעק.

נ. ב. — פאַר אינפאָרמאציע ווענדעט זיך צו ר. צוקערמאַן, קער אָוו לאָקאַל 117, 60 וועסט 35־טע סטריט, אָדער צו מ. י. אשפיז, קער אָוו דזשאָינט באָארד, 127 וועסט 33־טע סטריט.

---

ווידזש, דאַרפען גלייך באַקומען א העכערונג פון דריי דאָלער א וואָך. דאָרט וואו דער אונטערשייד צווישען דעם נייעם מינימום און די ביז איצטיגע פאַרדינסטען איז גרעסער, וועט די יוניאָן עס אויסגלייכען דורך גרעסערע לוין־העכערונגען.

⁂

ווען די קאָנפערענץ קאָמיטע האָט פאַרענדיגט אירע אונטערהאַנדלונגען מיט די באַלעבאַטים, איז זי גלייך נעגאַנגען אין סטרייק האָל, וואו די אַרבייטער האָבען געוואַרט אויף נייעס. פאַר דער גוטער בשורה האָט די יוניאָן קאָנפערענץ קאָמיטע באַקומען אַן ענטוזיאַסטישע אָוואַציע.

מאָנטאָג, דעם 27טען אַפּריל, האָט די יוניאָן פּירערשאַפט פאָרגעלעגט אַן אויספירליכען באַריכט וועגען די פאַרהאַנדלונגען און דעם אינהאַלט פון נייעם אַגרימענט פאַר די סטרייקער.

דער אַגרימענט איז איינשטימיג ראַטיפיצירט געוואָרען.

בעת דער גרויסער זיגער פרייד, האָבען די קאַטערס ניט פאַרגעסען צו באַפעסטיגען זייער אָרגאַניזאציע פאַר דער צוקונפט. זיי האָבען אויף דער זעלביקען מיטינג אָנגענומען א באַשלוס צו שאַפען אַן אָרגאַניזאַציאָנס פאָנד און יעדער מיטגליד דאַרף צאָלען 3 דאָלער אַן עסעסמענט. די דריי דאָלער דאַרפען באַצאָלט ווערען פון דער ערשטער וואָך פאַרדינסט נאָך דעם סטרייק.

די דרעס קאַטערס האָבען אויך ניט פאַרגעסען אָן זייערע יוניאָן ברידער, די קלאָוקמאַכער, וועלכע האָבען אַרויסגעוויזען אזוי פיל פאַראינטערעסירונג און הילף צו די דרעס מאַכער און צום סטרייק. די קלאָוקמאַכער יוניאָן איז באַדאַנקט געוואָרען דורך א ספּעציעלער רעזאָלוציע און ברודער באַנטשיק און ראַביטייל האָבען באַקומען אַן אויסדרוק פון גרויס אָנערקענונג פאַר דער באַזונדערער הילף, וואָס זיי האָבען געלייסטעט פאַר דעם סטרייק און די סטרייקערס.

ברודער שעהן, דער גענעראַל אָרגאַנייזער, און ברודער אילען, דער מענעדזשער פון קאַטערס לאָקאַל 205, האָבען באַקומען א דאַנק און אָנערקענונג פון דער גאַנצער יוניאָן פאַר זייער פלייסיגער אַרבייט און פעהיגע סטרייק פירערשאַפט.

א באַזונדערע אָנערקענונגס רעזאָלוציע איז אָנגענומען געוואָרען פאַר דער אינטערנעשאַנאַל פאַר איהר מאָראַלישע און פינאַנציעלע הילף.

אונזער איצטיגע אויפגאַבע איז צו אָרגאַניזירען די גאַנצע דרעס אינדוסטריע. מיר האָבען זיך וועגען אָט דער אויפגאַבע שוין געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט דעם הויפּט אָפיס פון דער אינטערנעשאַנאַל.

מיר גלויבען, אַז דער גוטער ביישפּיל פון די קאַטערס וועט איבערציינגען די אָפּערייטאָרס, פינישערס און פּרעסערס פון דער דרעס אינדוסטריע, אַז עס לוינט זיך צו קעמפען פאַר בעסערע אַרבייטס באַדינגונגען.

די קאַטערס זיינען גרייט צו העלפען זייערע ברידער אין שאַפּ.

# דער זיג פון די דרעסמאכער אין מאנטרעאל

## פון ב. שעהן

די גאנצע צייט זינט די אינטערנעשאנאל האט די דרעס קאטערס אין מאנטרעאל געגעבען א טשארטער פאר א זעלבסטשטענדיגען לאקאל, האבען מיר געווארט אויף א געלעגנהייט צו סטרייקען, און דורך קאמף און זיג צו עטאבלירען לאקאל 205 אלס א שטענדיגע יוניאן.

אין די אנדערהאלבען יאר צייט זינט מיר האבען באקומען דעם טשארטער, האבען מיר געהאט צו זינגען און צו זאגען. די דערנידערונגען, וואס אונזערע קאטערס האבען געליטען דורך דעם פארלארענעם סטרייק פון דער קאמוניסטישער יוניאן, איז געלעגען צו טיף אין זייער זכרון און זיי האבען זיך געשראקען פאר ווידער ארגאניזירונג אין א לאקאל יוניאן.

עס איז געווען אין אנפאנג זעהר שווער זיי צו איבערציינען, אז די אינטערנעשאנאל יוניאנס פיהרען זייערע געשעפטען אויף א גאנץ אנדערען שטייגער און אז אונזערע קאמפען פיהרען איבעראל צו אן אבסאלוטער פארבעסערונג פון ארבייטס באדינגונגען.



אן ענדערונג איז פארגעקומען ערשט דאן, ווען ברודער רזשאן אמלען איז געווארען מענעדזשער פון לאקאל 205. זינט דעמאלט האבען די דרעסמאכערס אנגעפאנגען צוריק צו געווינען צוטרויען און האבען זיך גענומען אנשליסען אן דער ארגאניזאציע. אזעלכע, וואס זיינען אוועקגעשטאנען פון דער יוניאן פאר א יאר צייט, האבען זיך אומגעקערט און האבען באצאלט די דיוס. א גרויסע צאל קאטערס, וואס האבען קיינמאל ניט באלאנגט צו דער יוניאן, זיינען איצט צו איר צוגעשטאנען. די יוניאן פירערשאפט איז ביי אזא לאגע געקומען צום באשלוס, אז עס איז געקומען די צייט צו פארלאנגען א קאנטראקט פון די באלעבאטים, און אויב זיי וועלען עס אפזאגען, וועט א סטרייק גערופען ווערען.

פאר דעם 26טען מערץ האבען מיר גערופען א מיטינג און באשלאסען זיך צוצוגרייטען צו א גענעראל סטרייק. נאך דעם ווי מיר האבען פון פרעזידענט דובינסקי באקומען די איינדארסירונג פאר'ן סטרייק, איז דער באשלוס צו רופען א גענעראל סטרייק גוטגעהייסען געווארען פון אונזער מיטגלידערשאפט אויף אן אלגעמיינעם מיטינג.

אונזער יוניאן אפיס האט אלעס מעגליכעס געטאן אום א סטרייק צו פארמיידען. מיר האבען גערעדט מיט עטליכע פון די אנגעזעהענסטע פירמעס און האבען זיי ערקלערט, אז עס וואלט געווען א סך געזינטער פאר דער גאנצער אינדוסטריע צו פארמיידען א סטרייק, און אז די באלעבאטים דארפען נאכגעבען דער יוניאנס גערעכטע פאדערונגען. דעם אמת געזאגט, האבען א סך באלעבאטים צוגעשטימט צו די טענות פון דער יוניאן. ניט מער, קיינע קאנטראקטען האבען זיי ניט געוואלט סיינען, סיידען דער גאנצער טרייד וועט נאכגעבען די פאדערונגען פון דער יוניאן.

העכער 20 גרויסע פירמעס האבען אבער פון דער אנדערער זייט ערקלערט, אז זיי ווילען מיט דער יוניאן בכלל ניט האבען קיין שום געשעפטען.

דעם 16טען אפריל איז פארגעקומען א געהיימע אפשטימונג, און מיט 214 קעגען 4 שטימען איז באשלאסען געווארען צו רופען דעם סטרייק.

דעם 22טען אפריל איז אין דרעס מארקעט פונאנדערגעטיילט געווארען א ליפלעט מיט דעם רוף צום גענעראל סטרייק. די באלעבאטים, וועלכע האבען געגלויבט, אז זיי זיינען געשיצט און פארזיכערט קעגען סטרייקס, גלויבענדיג, אז די קאטערס וועלען זיך ניט צוהערען צו דער יוניאן, האבען דערלעבט די גרעסטע אנטוישונג אין זייער לעבען. די דרעס קאטערס זיינען ארויס אין סטרייק. זיי האבען אנטשיידען זיך אפגעזאגט צו סקעבען. עטליכע קאטערס, וואס זיינען אריין אין שאפ אין ערשטען טאג פון סטרייק, זיינען דעם צווייטען טאג מער ניט געקומען צו דער ארבייט.

מיט עטליכע טעג שפעטער, האבען די מאנופעקטשורערס איינגעזעהן, אז אויב זיי וועלען ניט קומען צו א פארשטענדניש מיט דער יוניאן וועלען זיי דעם סעזאן קיין דרעסעס ניט פראדוצירען אין מאנטרעאל. נאך א זעהר שטורמישען מיטינג, זיינען זיי געקומען צו א באשלוס איינצולאדען די יוניאן צו א קאנפערענץ.

אין אנפאנג האבען די באלעבאטים פון אונז פארלאנגט בלויז א קלייניגקייט: מיר זאלען צוריקשיקען די באלמעלאכעס צו דער ארבייט און דאן פארזעצען מיט אויסארבייטען דעם קאנטראקט. מיר האבען זיי דערויף קורץ און שארף געענטפערט, אז מיר זיינען ארויס אין סטרייק פאר א קאנטראקט מיט יוניאן באדינגונגען, און אז אזוי לאנג ווי מיר האבען ניט דעם דאזיגען קאנטראקט, קענען מיר די ארבייטער ניט צוריקשיקען אין די שעפער. זיי האבען זיך געבויגען פאר דעם ווילען פון דער יוניאן, און נאך לאנגע קעמפע און דינגענישען, וואס האבען געדויערט צוויי טעג, איז שבת, דעם 25טען אפריל, דערגרייכט געווארען א פארשטענדיגונג און עס איז געשאפען געווארען אן אגרימענט מיט פאלגענדען אינהאלט:

1) א יוניאן שאפ; 2) שאפ טשערליים; 3) ביזנעס אגענטען אויפצופאסען אויף „קאמפליינטס"; 4) קיין נייער קאטער טאר ניט צוגעלאזט ווערען צו דער ארבייט אהן א „ווארקינג" קארד פון דער יוניאן; 5) א 44 שטונדיגע ארבייטס וואך מיט העכסטענס 8 שטונדען אווערטיים; 6) קיין אווערטיים פרייטאג אדער שבת נאכמיטאג; 7) גלייכע ארבייטס צוטיילונג; 8) א מינימום סקייל פאר קאטערס 30 דאלער; פאר אשאפערס 20 דאלער, פאר לערנערס 15 דאלער.

דער נייער קאנטראקט פארמאגט נאך א ריי אנדערע פונקטען וועגן אן ארביטריישאן מאשינערי, קיינע דיסקרימינאציעס פאר יוניאן טעטיגקייט און וועגען רעגיסטרירען דעם קאנטראקט אונטער דעם קאלעקטיווען לייבאר אגרימענט אקט צו לעגאליזירען די 44 שטונדיגע ארבייטס וואך און דעם מינימום ווידזש סקייל.

אלע קאטערס וואס פארדינען ניט דעם מינימום

---

ענטפערט מיט זייער א געלונגענער רעדע. דאס איז געווען איינער פון די שענסטע לאנטשאנס אין דער געשיכטע פון דער וויניפעגער ארבייטערשאפט, און דער ערשטער לאנטשאן מיט פרעזידענט דובינסקי. דער שרייבער פון דעם באריכט האט, אין נאמען פון דער יוניאן, פרעזענטירט ברודער לאנגער מיט א שיינעם „סלאב בעג" פאר זיינע גלענצענדע לייסטונגען צו אונזער לאקאל.

עס איז ווערט צו פארצייכענען, אז זינט אונזער אינטערנעשאנאל האט דא עטאבלירט א לאקאל, זיינען צוועלף נייע אינטערנעשאנאל און פעדעראלע יוניאנס דא געגרינדעט געווארען.

איצט פאנגען מיר דא אן אן ארגאניזאציאנס-קאמפיין צו ארגאניזירען די דרעסמאכער, וועלכע זיינען דא ארום הונדערט אין צאל.

אונזער לאקאל 216 קלאוקמאכער יוניאן איז איינע פון די שטארקסטע יוניאנס פון דער אינטערנעשאנאל אין קאנאדע, ניט געקוקט אויף דעם וואס מיר זיינען דא אין עקזיסטענץ ערשט אכט חדשים. מיר פירען דא אן בילדונגס און ספארט אקטיוויטעטן, אזוי ווי אין די עלטערע עטאבלירטע לאקאלס.

פרעזידענט דובינסקי'ס באזוך איז, אהן צווייפעל, א היסטארישע פאסירונג אין דער קלאוקמאכער אינדוסטריע אין וויניפעג. זיין אנוועזענהייט ביי אונז, זיין פריינדליכקייט, זיין איינפלוס און זיין גלענצענדע רעדע ביים מאס-מיטינג וועט פארבלייבען אין זכרון ביי יעדען איינעם פון אונז פאר א לאנגער צייט.

# ערשטער מאַי פייערונג פון אינטערנעשאַנעל דזשאָינט באָארד לאָקאַלס אין באַלטימאָר

פון ס. קאַפּלאַן, מענעדזשער.

די דזשאָינט באָארד לאָקאַלס פון דער אינטערנעשאַנעל לײדיס גארמענט װאירקערס יוניאַן אין באַלטימאָר, האָבען געפייערט דעם אינטערנאַציאָנאַלען ארבייטער יום טוב דורך א מאַסען פארזאמלונג פון אַלע מיטגלידער, אין קאָדאָ האָל, 118 וועסט פרייַנקלין סטריט.

דער ערשטער טייל פון דער פייערונג איז דורכגעפירט געװארען מיט א גוט צוגעגרייטער מוזיקאַלישער פּראָגראַם, פון װײאָלין סאָלאָס, געזאַנג און אוקראַינישע טענצער, װעלכע האָבען ארױסגערופען באַגײַסטערונג ביי אַלע אַנװעזענדע. איך פיהל, אז די הײַיאָריקע ערשטער מאַי פייערונג װעלען אונזערע מיטגלידער געדיינקען א לאַנגע צייט. די מוזיקאַלישע פּראָגראַם איז געװען אַן ערפאָלג פון אָנפאַנג ביז'ן סוף.

די צװייטע טייל פון דעם פּראָגראַם איז, נאָך מיין מיינונג, די װיכטיגסטע, און װיכטיג איז עס צוליב דעם פאָלגענדען פאַקט:

מיר האָבען אין אונזער אָרגאַניזאַציע א גרויסע צאָל נייע רעקרוטען, װעלכע האָבען גאַנץ װייניג באַגריף װאָס עס מיינט די פייערונג פון דעם ערשטען מאַי. פאַר זיי איז עס אַ גאַנץ נייע זאַך. און דעריבער פרייט מיך צו זאָגען, אז דורך די קורצע רעדעס װאָס זיינען געהאַלטען געװארען פון אונזערע רעדנער, האָבען מיר אונזער צװעק דערגרייכט הונדערט פּראָצענט. װייל נאָך דעם, װי אַנדזשעלאָ באַמביס, די אָרגאַנייזערין אין באַלטימאָר, האָט געענדיגט איר עקלערונג װעגען דער ערשטער מאַי פייערונג און װאָס פאַר א באַדייטונג דאָס איז פאַר דעם ארבייטער קלאַס פון דער גאַנצער װעלט, האָט מען געקענט לעזען אויף די פּנים'ער פון די אַנװעזענדע, אז זיי האָבען די ערקלערונג גאַנץ גוט באַנומען און זיי האָבען געלערענט אביסעל געשיכטע, װאָס זיי האָבען ביז יעצט ניט געװאוסט.

נאָך מיס באַמביס זיינען געמאַכט געװארען אייניגע קורצע באַמערקונגען פון דעם שרייבער פון די צייַלען, װעלכער איז געװען דער טשערמאַן פון דעם מיטינג. דער עדיוקיישאָנעל דירעקטאָר פון אונזער עדיוקיישאָנעל דעפּאַרטמענט, אָטאָ מאַסקריװ, האָט גערעדט אין צוזאַמענהאַנג פון דעם ערשטען מאַי און די װיכטיגקייט פון בילדונג.

דער לעצטער רעדנער איז געװען ברודער מאַרק סטאַר, דער דירעקטאָר פון עדיוקיישאָנעל דעפּאַרטמענט פון אונזער אינטערנעשאָנעל, װעלכער איז געקומען ספּעציעל פאַר דיזען צװעק. זיין רעדע איז געװען פון די בעסטע װאָס אונזערע מעמבערס האָבען װען געהערט און דער איינדרוק אויף אונזערע מעמבערס װעט זיין אַ לאַנג דױערענדער.

לאָמיר האָפען אז נעקסטען יאָר װעלען מיר פייערען דעם ערשטען מאַי מיט א הונדערט פּראָצענט אָרגאַניזירטער שטאָט אין דער לײדיס גארמענט אינדוסטריע.

איך װיל דאָ אױסדריקען א דאַנק צו אַלע די װאָס האָבען געהאָלפען מאַכען דעם מיטינג אַן ערפאָלג.

---

## אַ שאָפּ טשערמאַן דאַנקט.

װערטער רעדאַקטאָר פון „גערעכטיגקייט":

ערלויבט מיר א שטיקעל פּלאַץ אויסצודריקען מיין דאַנק צו די ארבייטער פון װיינבערג און סינער, פאַר דעם גרויסען צוטרויען װאָס זיי האָבען מיר, זייער טשערמאַן, ארויסגעװיזען ביי זייער שאָפּ מיטינג פון דעם 4־טען מאַי, אונטער דער לייטונג פון דעם ביזנעס אַגענט, ברודער פרידמאַן. מיינע שװעסטער און ברידער האָבען מיך װידער ערװעהלט אַלס זייער שאָפּ טשערמאַן און איך פאַרפּליכטע זיך אויך װייטער צו טאָן מיין בעסטעס פאַר די ארבייטער אין שאָפּ.

דוד גליק, טשערמאַן פון שאָפּ.

## אנערקענונג רעזאָלוציע.

מיר, די ארבייטער פון די לײדיקרעפּט דרעס קאָ., 550 7טע עװעניו, פארזאמעלט ביי א באַנקעט אין טאָמאַשעפסקי'ס רומעניען װױלעדזש, װאָס איז געגעבען געװארען פון די ארבייטער לכבוד זייער שאָפּ טשערמאַן, באַשליסען:

1) צו דאַנקען אונזערע יוניאַן פירער פאַר זייער גלענצענדער ארבייט אין געװינען יוניאַן פאָדערונגען.

2) צו דאַנקען אונזער פּרייז קאָמיטע, די ברידער װיינשטיין, דזשייקאָבס, דיכטער. לאַנגמאַן און ליבנאָם.

3) צו דאַנקען אונזער קאָמיטע װאָס טיילט אויס ארבייט, באַשטעהענד פון די ברידער דיכטער, ברוק און לעװין.

4) צו דאַנקען אונזער שאָפּ טשערמאַן, ברודער אַב. ספּעקטאָר פאַר זיין גוטע ארבייט און פּרעזענטירען מיט א גאָלדענעם זייגער און װינשען אים טראָגען געזונטערהייט.

דזשעק לעסינגער, לאָק. 22
סעם װיינשטיין, לאָק. 22
סעם בראַונשטיין, לאָק. 60
דזשעק טשעדראָף, לאָק. 10

די שאָפּ קאָמיטע.

---

## פּרעזענטירען דעם שאָפּ טשערמאַן.

מיר די ארבייטער פון רעלמאָנטע און היקע, 205 װעסט 39טע סטריט, פארזאמעלט ביי א מיטינג אין דזשאָינט באָארד אָפיס, באַשליסען:

אויסצודריקען א דאַנק צו אונזער שאָפּ טשערמאַן, ברודער מאָרגאָװיטש, פאַר זיינע גוטע און איבערגעבענע ארבייט און פּרעזענטירען אים מיט א װערטפולען פּרעזענט.

גלייכצייטיג דריקען מיר אויס א דאַנק צו אונזער ביזנעס אַגענט, ברודער מאַקס גאָלדשטיין, פאַר זיין הילף װאָס ער גיט אונז צו יעדער צייט.

ב. באַדלענדער, לאָק. 117.
ס. מעטץ, לאָק. 117.
מ. קירשענבערג, לאָק. 9.
מ. גראָס, לאָק. 9.
ד. מאָסקאָװיטש, לאָק. 35.

די קאָמיטע.

---

## אנערקענונג פאַר קלאָוק בעאַמטע.

שבת, דעם 25טען אַפּריל, איז געגעבען געװארען א גרויסאַרטיגער באַנקעט פון די ארבייטער פון קאָהען און באַילין צו עהרען זייער ביזנעס אַגענט, מ. קושנער, און עס איז אויך אויסגעדריקט געװארען אנערקענונג צום דיסטריקט מענעדזשער, ברודער קאַפּלאַן, און דעם פּרייז אַדזשאַסטער, ברודער א. עטקין.

פּראָמינענטע פירער פון דער קלאָוקמאַכער יוניאַן זיינען איינגעלאַדען געװארען און די טשערליים פון די שעפּער האָבען געהאַלטען הארציגע רעדעס.

רעדעס זיינען אויך געהאַלטען געװארען פון ברודער צוקערמאַן, קאַפּלאַן, קושנער און עטקין.

טאָסטמייסטער איז געװען ברודער ברייטעל און די אַראַנדזשמענטס קאָמיטע איז באַשטאַנען פון די ברידער ברייטעל, דייטש, װיינער, פּאַרקער, פּעפּער און ראַכלין.

די קאָמיטע.

---

## א מעמבער דאַנקט די פירער.

איך, משה מילגרוים, א מעמבער פון לאָקאַל 117, אַן ארבייטער פון װילנער און פּאַסקורעס שאָפּ, דריק אויס מיין דאַנק פאַר די גוטע און שנעלע האַנדלונג פון אונזער אָפיסערס, ברידער גאָרדאָן, קוירצמאַן און רינאַלדאָ, דערפאַר װאָס זיי האָבען אָנגענומען געזעצליכע מיטלען ניט צו לאָזען מיך אױעקשיקען פון שאָפּ דערפאַר װאָס איך האָב פאַרלאַנגט צו ארבייטען בלויז מיט יוניאַן לייט און מיט קיינע אַנדערע. איבערהױפּט דאַנק איך ברודער קוירצמאַן דערפאַר װאָס ער האָט מיך פאַרטראָטען ביים אומפּאַרטייאישען טשערמאַן און ניט געלאָזט מיך קריװדען פון פאַרטרעטער פון באָס.

מאָריס מילגרום.

# אין דער פילאַדעלפיער דרעסמאַכער יוניאָן

פון סעמועל אָטאָ
מענעדזשער פילאַדעלפיע דרעס דזשאָינט באָארד.

פילאַדעלפיע איז באַקאַנט אַלס די „שלאָפֿנדע שטאָט". אפשר, אָבער זיכער שלאָפֿט ניט די דרעסמאַכער יוניאָן. מיר זיינען אימער וואַך. די ענערגיע פון אונזער יוניאָן ווערט קיינמאָל ניט אָפּגעשוואַכט. ביז מיט אַ קורצער ציים צוריק האָבן מיר פאַרלאָרען צופיעל ציים פאַר אויסצוגעפינען „ווער איז ווער". דאָס האָט אונזער יוניאָן געבראַכט ווייניג נוצען.

מיר האָבן געלערנט, דאָס די דאָזיגע ווערטפולע ענערגיע, וועלכע איז אַרויסגעוואָרפן געוואָרען אויף אונ-פּראָדוקטיווע טעטיגקייט, קען אין דער צוקונפט אויסגענוצט ווערען פאַר אַ סך אַ בעסערען צוועק, און איצט נוצען מיר עס אויס אין אָט דער ריכטונג.

אין משך פון די לעצטע עטליכע וואָכען האָבן מיר אָנגעפירט אַ שטילען אָבער אינטענסיווען קאַמפּיין צו פאַרשטאַרקען אונזער פּאָזיציע אין די יוניאָן שעפער, באַזונדערס אין באַצוג צו דיוס צאָלונגען, וועלכע זיינען אין דער ציים פון „סלעק סעזאָן" שטאַרק צוריקגעגאַנגען. מיר זיינען אויך געווען ערפאָלגרייך צו זאַמלען אונזער טייל פאַר דער שלעזינגער-זיגמאַן לייברערי אין לאָס אנדזשעלעס סאַנאַטאָריום. אָבער דאָס וויכטיגסטע פון אַלעם איז אונזער אָרגאַניזאַציאָנס קאַמפּיין, וואָס מיר פיהרען איצט אָן. מיר באַנוצען אונזער גאַנצע ענערגיע פאַר אָט דעם צוועק און מיר האָבן שוין איצט צו פאַרצייכענען געוויסע ערפאָלגען. ביז איצט האָבן מיר אָרגאַניזירט 25 שעפער, פון וועלכע מאַנכע געפינען זיך נאָך אין סטרייק. 900 אַרבייטער זיינען פאַרוויקעלט אין קאַמף.

### נייע שעפער און דער יוניאָן לייבעל

לעצטען מאָנאַט האָבן מיר געהאַט א וויכטיגע פּאַסירונג אין אונזער יוניאָן. די לעזער פון דער „גערעכטיגקייט" ווייסען שוין פון אונזער אינפאָרמאַציע, אַז מיר האָבן אונטערגעשריבען אַ קאָנטראַקט, דעם ערשטען אין דער איסט, מיט דער סאַוטלאַנד דרעס פירמע, וועלכע האָט גלייך געאָרדערט הונדערט טויזענט לייבעלס. דאָס צו-געהען פון ערשטען יוניאָן לייבעל איז פאָרגעקומען אויף אַ פייערליכען אופן. מיטוואָך, דעם 25טען מערץ, האָט דער שרייבער פון די שורות און אַלע אַנדערע באַאַמטע פון דער יוניאָן, דער טשערמאַן פון שאָפּ און די באַלע-באַטים זיך פאַרזאַמעלט צו זעהן ווי שוועסטער קלאַראַ וויס, די טשערלידי פון דרעס דזשאָינט באָארד, האָט צוגענעהט דעם ערשטען יוניאָן לייבעל.

עס איז די האָפנונג פון די פירער פון דער דרעס-מאַכער יוניאַן אין פילאַדעלפיע, דאָס פונקט אזוי ווי די פילאַדעלפיער יוניאָן האָט, אין 1933, געפירט די אינטער-נעשאָנעל צום אויפשטייג און איר וויכטיגקייט אין דער אַמעריקאַנער אַרבייטער באַוועגונג, וועט זי מיט דעם ער-פאָלג פון ערשטען יוניאָן לייבעל דער אינטערנעשאָנעל ברענגען דיזעלבע וויכטיגע רעזולטאַטען. עס איז אויך ווערט צו דערמאָנען, דאָס די אַרבייטער פון ביידע שעפער, אונטער דער פירערשאַפט פון זייערע שאָפּ-טשערליים, פיליפּ אייזנער און עליזאַבעט ראַכמאַן, האָבן מיט ענטו-זיאַזם אָנגענומען דעם אַגרימענט צווישען דער יוניאָן און די פירמעס.

### דרעס שאָפּ מתנות

מיר, די אַרבייטער פון דער וויטקין און שניידער דרעס שאָפּ, אין פילאַדעלפיע, איינע פון די גרעסטע זייערן דרעס שעפער, האָבן בשלאָסען, אויף אַ ספּעציעלען שאָפּ מיטינג, אָפּגעהאַלטען דעו 24טען מערץ, אין דעם אָפיס פון דער יוניאָן, צו באַדאַנקען אונזער טשערמאַן, ברודער אבע ליבערשטיין פאַר זיין אויסגעצייכענטער אַר-בייט און אַלס אויסדרוק פון טיפער אַנערקענונג אים צו באַשענקען מיט אַ שעהנער מתנה.

גלייכצייטיג דריקען מיר אויס אונזער אַנערקענונג צו דער טשערלידי פון פינישערס דעפּאַרטמענט.

די קאָמיטע:

מ. בערנער, פּ. פלאַטקין און י. וועבער.

## ערקלערונג צו די קלאָוקמאַכער.

שוין אַ לענגערע ציים ווי עס ערשיינען ליפלעטס אין גאַס און נאָטיצען אין דער פּרעסע, פו געוויסע עלעמענטען, וועלכע צייכענען זיך אונטער מיט'ן נאָמען: „בילדינג קאָ-מיטעט פון נומער 500 און 512 7טע עוועניו".

די קאָמיטעס, זאָגען די ליפלעט שרייבער, זיינען אָר-גאַניזירט פאַר'ן צוועק צו פירען אַ קאַמף געגען מלחמה און פאַשיזם. ווילען מיר מיט די, וועלכע שטייען הינטער די קאָמיטעס, זיך ניט אריינלאָזען אין קיין דיסקוסיע, צי דאָס איז דער בעסטער וועג ווי אזוי צו פירען אזא וויכ-טיגע אגיטאציע און קאַמף און צי עס וואָלט ניט געווען ראַטזאַמער צו זען, אַז די אָפיציעלע קאַנאַלען פון דער יוניאן, ווי די לאָקאלס, די יוניאן אלס גאַנצע און אנדערע ארבייטער אָרגאַניזאציעס, זאָלען זיין די אָנפירער פון דער באוועגונג.

מיר האָבן אָבער אויך געזען אין איינעם פון די ליפלעטס, אַז זיי וועלען אויך דיסקוטירען אַזעלכע ריין יוניאן פראגען ווי „די לאגע אין קלאוק טרייד" און „די פראגע פון ערשטען מאי". ווילען מיר, די בילדינג קאָמיטעס פון נומער 500 און 512 7טע עוועניו, וועלכע זיינען א טייל און שטייען אונטער דעם אויפזיכט פון קאָנטראָל דע-פּארטמענט פון דזשאינט באָארד, דארום ערקלערען, אז ניט נאָר טראָגען מיר ניט קיין פאראנטוואָרטליכקייט פאר דער אקטיוויטעט פון די אזוי גערופענע בילדינג קאָמיטעס פון דעם אויבענדערמאָנטען בילדינג, נאָר עס איז אויך אונזער ערנסטע איבערצייגונג, אַז די טאָקטיק זייערע ברייגנט אריין צוטומלעניש, דעמאָראליזאציע און אומצו-טרוי צווישען די ארבייטער, און שעדיגט דעם פרעסטיזש פון דער יוניאן אלס גאַנצע.

בילדינג קאָמיטעס פון נומער 500 און 512
7טע עוועניו קאָנטראָל דעפּארטמענט,
דזשאָינט באָארד קלאוקמאכער יוניאן.

י. בעלזער
אב. קאָהן
ה. מילער
דזשאָרדזש קאָטעל
מ. באָרמאַן
פיליפּ גאָלדענבערג
טשארלס נאגלער
מאַקס שונערמאַן.
קאָמיטע-לייט.

---

## אנערקענונג רעזאָלוציע.

מיר, די אַרבייטער פון העגרי פרעדריקס, פאַרזאַמעלט ביי א גענעראל שאָפּ מיטינג אין אָפיס פון דעם קלאוק דזשאָינט באָארד, נעמען איינשטימיג אָן א רעזאלוציע פון אנערקענונג פון דער גוטער ארבייט פון אונזער שאָפּ טשערמאן, ברודער לובאוו, און אויך צו אונזער ביזנעס אייזשענט, ברודער לואיס גאָלדשטיין און פון מענעדזשער פון אינדאָסטריעל דעפּארטמענט, ברודער קוירצמאן.

אלס אויסדרוק פון אנערקענונג האָבן די דערמאָנטע שעפער געגעבען מתנות צו ברודער לובאָוו און צו ברודער גאָלדשטיין.

י. ערענקראנץ, דזש. ראָזענטאל,
י. באראכאָוויטש, באשאקאָפ-סקי, לוי פארבער, לאָק. 117.

GERECHTIGKEIT (*Justice*)

# גערעכטיגקייט

Vol. XVIII. No. 7-8 Jersey City, N. J., July-August, 1936 Price 10 Cents

## אונזער באַלאַבאָס

(צום זינגען)

פון מאַני לייב.

אונזער באַלאַבאָס — אז שדים וויסען וואָס —
ווי ער איז דאָס רייך געוואָרען !
קענטיג, אז מיט גליק איז אונזער באַלאַבאָס
אין א גאָלדען העמדעלע געבאָרען.

אַי איז אים דאָס וואויל, אַי איז אים דאָס גוט —
וואויל און גוט איז זיין מערכה ;
אַלץ נאָר וואָס ער טראכט, אַלץ נאָר וואס ער טוט
האָט ער מזל־ברכה און הצלחה.

זיבעציג מאַשינדלאך האָט ער אויפגעשטעלט —
און די רעדלאך דרייען זיך און דרייען ;
שניידערלאך — הויקערלאך פון דער גאַרער וועלט
זעצט ער אוים ביי די מאַשינדלאך נייען.

נייען זיי, די שניידערלאך, נייען זיי געוואַנט, —
גייט עס ווי א זמר, ווי א זמר...
און דער באַלאַבאָס — מיט זיין מזלדיגער האַנט
שעפט דאָס גאָלד מיט גרויסע, פולע עמער.

וואוינט ער אין א פּאַלאַץ — גאָלד און מירמלשטיין —
מיט גאָלדענע טירען און לאָדען.
עסט גאָלדענעם הערינג מיט די גאָלדענע ציין
און פאַרבייסט מיט גאָלדענעם פלאָדען.

גאָלדענע הערינג און פלאָדען און וויין —
ווייל ער עסט נים קיין אַנדערע זאַכען...
אויף גאָלדענע קישענס שלאָפט ער רוהיג איין
און צוקאָפּענס — גאָלדענע חלומות וואַכען.

אז ער פאָרט אַרוים אין זיין לימאָזין —
מאַכט די גאַנצע שטאָדט אים א וואָרע...
און די שניידערלאך — הויקערלאך זיצען געל און גרין,
זיצען זיי און נייען דאַרעקוואָרע.

קענטיק אַז מיט מזל איז אונזער באַלאַבאָס
אין אַ גאָלדען העמדעלע געבאָרען
און אין אַ גאָלדענע קאַרעטע — שדים וויסען וואָס —
אויף דער ברייטער וועלט אַרומגעפאָרען...

# דער 17טער סעזאָן פון אונזער „יוניטי הויז"

אונזער „יוניטי הויז" איז ווי אַלטער ווייַן. וואָס עלטער זי ווערט, אַלץ מער פאַר'שיכור'ט זי אונז מיט איהר געשמאַק און חן, מיט איהר פּראַכט און נאַטור־גלאַנץ. מיט יעדען יאָהר ווערען די פעלדער און וועלדער, די גראָז, בוימער און בוים־צעלטען שעהנער און הערליכער, די שפּיל־פּלעצער גרעסער און באַקוועמער. דער טייך ווערט רייכער מיט שיפלאַך און די אַלטע יוניטי הויז ווערט יעדען יאָהר באַצירט מיט פרישען יוגענטליכען רייץ און חן דורך דעם צושטראָמענדען צווייטען דור פון אונזער גרויסער פרויען באַקליידונגס אַרבייטער־משפּחה.

עס איז אַ גרויסער פאַרגעניגען צו זעהן מיט וואָס פאַר אַ פאַרגעם, געשמאַק און עסטעטישער באַציהונג אַן אַרבייטער־אָרגאַניזאַציע פאַרוואַלטעט אַן אינסטיטוציע צום נוצען פון די אַרבייטער־מאַסען.

די אַכט הונדערט דעלעגאַטען און געסט, וואָס זיינען געקומען פון פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס צו דער אָפּיציעלער עפענונג פון דעם 17טען סעזאָן פון דער יוניטי הויז, האָבען זיכער געהאַט אַ גרויסע באַפרידיגונג זעהענדיג דעם פאָרטשריט פון אונזער יוניטי הויז. די יוניטי הויז קאָמיטע און איהר ענערגישער טשערמאַן, ברודער איזידאָר נאַגלער, פאַרדינט גרויס אַנערקענונג און דאַנק פאַר זייער אַרבייט און מיה אונזער זומער־היים צו מאַכען פאַר אַ מוסטער פון עהנליכע אַרבייטער־אינסטיטוציעס.

צו דער עפענונג זיינען, ווי שוין דערמאָנט, געקומען אַ גרויסע צאָל „רענק און פיילער", דעלעגאַטען פון יוניאָן־אָרגאַניזאַציעס אין דער איסט און די פיהרערשאַפט פון אונזערע ניו יאָרקער און פילאַדעלפיער יוניאָנס, מיט פּרעזידענט דובינסקי בראש.

די אָפּיציעלע עפענונג איז פאָרגעקומען שבת אָוונט און די צערעמאָניעס זיינען אַביסעלע געשטערט געוואָרען דורך דעם שטורם וואָס האָט אויסגעבראָכען. פון אונזער יוניאָן־פיהרערשאַפט האָט בלויז ברודער נאַגלער, טשערמאַן פון אָוונט, באַוויזען צו האַלטען אַ קורצע רעדע שילדערענדיג די נייע פאַרבעסערונגען און באַקוועמליכקייטען וואָס זיינען געמאַכט געוואָרען און ער האָט זיך געווענדעט צו די פאָרטרעטער פון אונזערע אָרגאַניזאַציעס עס באַקאַנט צו מאַכען צווישען די מיטגלידער, כדי זיי זאָלען וויסען אַז זיי קענען פאַר ביליגע געלד פאַרברענגען אַן אידעאַלען וואַקיישאָן אין אַן אייגענער היים און אַן אייגענער אַטמאָספערע.

דער נייער מענעדזשער, מר. עלנער, וואָס האָט זיך שוין געשאַפען אַ גוטען נאָמען צווישען די יוניטי פּאַטריאָטען פאַר דעם זעהר געשמאַקפולען עסען וואָס מען קריגט היי־יאָהר אין דער יוניטי הויז, האָט איינגעפירט אַ נייעס — אַ מידנייט־באַנקעט, וואָס איז פאָרגעקומען שבת נאָך האַלבע נאַכט.

די יוניטי הויז צייכענט זיך געוועהנליך אויס מיט איהרע קינסטלערישע פאַרוויילונגען און רייכע ליטעראַריש־מוזיקאַלישע פּראָגראַמען. אויך דעם מאָל האָט דער מוזיקאַלישער פּראָגראַם צוגעצויגען אַ גרויסען עולם, און דער קאָנצערט זונטאָג בייטאָג האָט ענטדעקט אַ נייעם טאַלאַנט אין אונזער אייגענעם און ליבען ברודער דזשעק העלער. אַז עס איז אין אים פאַרלוירען געגאַנגען אַ שרייבער און גראַמען־פלעכטער, ווייסען און באַדויערען מיר שוין פון לאַנג. אַז ער איז אַזאַ גלענצענדער פאַרלעזער, האָבען מיר זיך ערשט דערוואוסט לעצטען זונטאָג, ווען ער האָט מיט אַזאַ ריזיגען ערפאָלג רעציטירט דעם טונקעלענ'ס אַ הומאָרעסקע.



אין וועלדעל ביים טייך פון יוניטי הויז